# XXXVI

מען האָט געדאַרפט אָפּהאַלטן א שמועס מיט לודוויגאַן, נישט בלויז צוליב מאַיאַ. עס איז אָבער שווער געווען זי צו טרעפן. אַ חוץ דעם האָט זי נישט ליב געהאַט אָפּצושמועסן זיך אויף אַ באַשטימטער שעה. זי האָט נישט בלויז געהאַט א סכסוך מיט איר איצטיקן דירעקטאָר, נאָר אויך די לייטונג פון טעאַטער אין בערלין האָט זי אָנגעקלאָגט צו באַצאָלן די שטראָף, וואָס קומט פאַר ברעכן אַן אָפּמאַך. זי האָט באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו לודיגען וועגן פירן איר גט-פּראָצעס, אָבער זינט דעם שמועס האָט ער נישט געקענט אַרויסקריגן פון איר די דאָקומענטן און דאַטן, וואָס זענען אים דורכאויס נויטיק געווען. יעדן טאָג האָט זי פאַרגעסן דערוועגן אָדער האָט זיך אומגעדולדיק אַרויסגעדרייט, געבנדיק אַלס אויסרייד פאַרשידענע שטערונגען, פּלענער, קינסטלערישע אויפגאַבן, אומאַנגענעמלעכקייטן אין טעאַטער מיט די צייטונגען, רעדאַקטאָרן און אויטאָרן. זי איז נישט צו לייכט געגאַנגען אַרויף; איר אַמביציע איז נישט געווען באַפרידיקט; דאָס, וואָס זי האָט געטון, האָט נישט פאַרווירקלעכט אירע דערוואַרטונגען. דער פּלאַם האָט נישט געהאַט קיין געהעריקע נאַרונג און ער האָט געטליעט; אומעטום זענען געווען שטערונגען, אינטריגעס, שנאה, נישט-געהאַלטענע ווערטער, אומצוטרוי.

— מען קען נישט אויסהאַלטן — האָט זי זיך געבייזערט, אַרומלויפנדיק אין צימער, ווי א געפאַנגענע, מיט די הענט אויף די פּלייצעס.—אַ מענטש טרעט Po Mule און כאַפּט דעם ווינט

נאראָנים און פוילענצער פארװײלן זיך שטענדיק קעגן דעם, וואָס וויל עפּעס און טוט עפּעס. איך האָב נישט קיין צייט, קיין רגע צייט; איך קען נישט זיצן אין א באַהאַלטן ווינקל הינטערן אַיוון און גענעצן; איך וועל אייך אויסהאַקן די שויבן. איך וועל עס טון, איך שווער אייך.

נאָך אַזאַ צאָרן־אויסבורך האָט זי תּיכף געקענט אַריינפאַלן אין אַ ספּאַזמאַטיש געלעכטער, האַלטנדיק פארלייגט די הענט און דעם גאַנצן גוף פאָרויס.

זי האָט געהאט אַ פּלאַן צו האָבן אַן אייגן טעאַטער. דערצו האָט איר נאָך דערווייל געפעלט געלט.

— טייערסטער דאָקטאָר, — שאַפט מיר געלט, — האָט זי אויסגערופן צו לוידינען, קוקנדיק אויף אים אומגערן, ווי זי וואָלט זיך געוואונדערט, וואָס ער הויבט זיך נישט אויף פון אָרט, כדי דאָס געלט צו ברענגען. — די פלערליי מעכטיקע פאַרשוינגען, פאַר וועלכע איר, ווי באַקאַנט, ציט אַרויס קאַשטאַנעס פון אויוון, כראַפּן אויף זעק גאָלד; וועקט כאָטש אויף דאָס געלט; די קאַרפּן־קעפּ קענען ווייטער סאַפּן. איך וויל לעבעדיק געלט!

— מיר האָבן דערווייל נאָך נישט אויסדרעסירט אונדזערע קרעזוסן, אז זיי זאָלן מאַכן ספּאָרט לויט קאָמענדע. — האָט זיך לוידין אָנגערופן אַ צעמישטער פון דער שטאַרק אַקצענטירטער פאָדערונג, ווייל אַרום זיי האָבן זיך געפינען עטלעכע מענטשן, האַלב באַקאַנטע און געסט, וואָס זענען געקומען צו דער אַקטאָרקע און וועלכע מען האָט שטענדיק געקענט טרעפן ביי איר. ער האָט נישט ליב געהאַט, אז לודוויגאַ זאָל זיך אין זייער אָנוועזנהייט אָנרופן צו אים.

דער צווייטער פּלאַן, וואָס איז שוין נאָענט געווען צו פאַרווירקלעכט צו ווערן אין לעבן, איז געווען אן אינטערנאַציאָנאַלע פילם־געזעלשאַפט מיט לודוויגאַ דערקום אלס שטערן. בראש פון דער געזעלשאַפט האָט זיך געזאָלט שטעלן בערנדט ערנעפאָלדט. לודוויגאַ האָט גערעדט וועגן אים, ווי וועגן א מענטש, וואָס איז זייער פּאַסיק דערצו. ער האָט געהאט דער־

פאַרונג און אַ האַנט. אַזוי האָט זי געזאָגט. (אַמאָל האָט זי מיט פייער עפּעס געזאָגט און גלייכצייטיק האָט זי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זי גלויבט נישט דערין.) מען האָט בדעה געהאַט צוציען אויסלענדישע פינאַנסיסטן, עטלעכע, וואָס האָבן געוואָלט אַריינלייגן גרעסערע סומען, זענען שוין געווען אַריינגעצויגן אין דער אונטערנעמונג; אַזוי האָט ערנעפאָלדט פאַרזיכערט. ער האָט געגלויבט אין אַלץ, וואָס ער האָט פאַרזיכערט. נעבן אַלטאַכערס ענין און דעם פּראָצעס, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן דורכן בערלינער טעאַטער־דירעקטאָר און די אָפּגעלייגטע געריכטס־פאַרהאַנדלונגען האָט די נייע האַנדלס־אינטערנעמונג אָנגעקניפּט לעבהאַפטע באַציונגען צווישן לודיגען און דערקום און האָט אַפילו געבראַכט אויסצושיקן שליחים איינעם צום צווייטן און אויסטוישן ידיעות. ערנעפאָלדט האָט זיך כמעט יעדן טאָג געזען אין לודינס קאַנצעלאַריע מיט אַ טעקע פול מיט אַקטן, און דאָקטאָר היימעראָ האָט איינמאָל זיך אויסגעדרוקט פאַר זיינע קאָלעגן, מיט חוזק, אַז אויב עס וועט ווייטער אַזוי גיין, וועט מען דאַרפן מאַכן אַ באַזונדערע קאַנצעלאַריע פאַר די ענינים פאַר די ציוויל־ענינים פון פריילייַן דערקום, סיידן לודינס פּראַקטיק וועט שטופנווייז איבערגיין צו דערקומס קאָנפליקטן, צי וועלכן מען האָט שוין געמאַכט צוגרייטונגען.

און ווירקלעך האָט דער שווערער און טעמפּער ערנעפאָלדט אויסגעשטעלט לודינס געדולד אויף שווערע פּרוּוון. עס האָט אים בעמוזט טרויעריק מאַכן דאָס, וואָס אַזאַ לעבעדיקע פרוי האָט זיך אויסגעקליבן אַ שילדקרעט פאַר אַ באַפולמעכטיקטן. עס איז אַוועק אַ סך צייט ביז ערנעפאָלדט האָט משיג געווען עפּעס אַ סקיץ פון אַן אָפּמאַך, ביז ער האָט געמאַכט זיינע באַוואָרענישן קעגן דעם אָדער יענעם פאָרשלאָג. דערנאָך זענען געקומען ספקות; דערנאָך האָט ער זיך טעלעפאָניש געמוזט פאַרשטענדיקן מיט לודוויגאַן; דערנאָך האָט ער גענומען רעדן וועגן אַ רייזע־פּראָיעקט און לודין האָט אים באַוויזן, אַז דער פּראָיעקט איז שעדלעך; ער האָט אים גלייך אַוועקגעוואָרפן; אין אַ

פירטל שעה אַרום האָט ער ווידער גענומען רעדן דערפון, ווי ווען עפּעס אַ פולשטענדיק נייעם ענין; דערביי האָט ער געהאַט אַ ליבן און זייער העפלעכן אויסזען, האָט גוטהאַרציק און שעמעוודיק געשמייכלט, וויגנדיק זיך פון צופרידנהייט מיט אַ געפיל פון דערפאָלג און קלוגשאַפט. ער האָט קיינמאָל נישט פארלוירן דאָס צוטרוי, ער האָט קיינמאָל נישט געצווייפלט אין דעם דערפאָלג פון זיינע פלענער, הגם זיי זענען געווען זייער אַוואַנטוריסטיש, און נאָכדעם, ווי מען האָט אים צעקלאַפט איין פּלאַן, האָט ער אויסגעטראַכט אַ צווייטן פּלאַן, נאָך אַ מער קלוי־גערן, אויף וועלכן ער איז געפאַלן מיט דער לאַנגזאַמקייט פון אַ נייפּונלענדער.

לוידין האָט נישט געקענט באַהאַלטן זיינע ספקות פאַר דערקומען, וואָס ערנעפאָלדזס אומפעיקייט האָט דערוועקט אין אים.

— האָט נישט קיין מורא, האָט זי געענטפערט, — ער געהערט צו די מענטשן, וואָס געווינען, הגם זיי שפּילן שלעכט און אין זייער צעשטרייטקייט נעמען זיי צו אַ נייעם פּאַראַסאָל, אויב זיי פאַרגעסן דעם אַלטן. איך האָב ליב דרייסטע סאַנגווי־ניקער. דעם מאַן דאַרפט זיך איינגעבן אַלץ צו וועלכן ער רירט זיך צו.

דאָס קורצע געשפּרעך, וואָס איז געווען אַן אַריינפיר צו אַ מער ערנסטערן שמועס, איז פאָרגעקומען אינאָוונט נאָך דער פאָרשטעלונג. לוידין איז געווען אין טעאַטער. בעת לודוויגאַ איז אויפגעטרעטן אין אַ נייער ראָלע, האָט זי אים געשיקט אַ בילעט. אָבער דערנאָך איז ער אוועק זי זען אַ צווייט מאָל און אַ דריט מאָל אין דערזעלבער ראָלע. אָפט איז ער אַוועק אין טעאַטער נאָר אויף אַ שעה, ווייל ער האָט זיך געוואָלט אויפ־פרישן דעם איינדרוק, וואָס אַן אַקט אָדער אַ סצענע האָט אַרויס־גערופן אויף אים. ער האָט זיך געהיטן מיט דידאָזיקע טעאַטער־באַזוכן, און וואָס אָפטער זיי זענען געשען, אַלץ מער האָט ער זיך געהיטן; מען קען זאָגן, אַז ער האָט די באַזוכן פאַרבאָרגן

פאַר זיך אַליין. ער איז דערבײַ געריִרט געוואָרן, ווי נאָך קיינ־מאָל נישט. ער האָט דעמאָלט געפילט, אַז אומדערוואַרטעט ווערט ער באַפרייט פון דעם אומאַנגענעמען דרוק פון דער אַרומיקער וועלט, און ווען דידאָזיקע מאָדנע טעאַטער־באַזוכן זענען געוואָרן געוווינהייטן, האָבן זיי אַרויסגערופן מאָמענטן, וואָס עס שאַפט נאָר אַ שטאַרקע נאַרקאָטיזירונג, מאָמענטן, פון וועלכע דער געפאַר שטעקט דערין, וואָס אויב זיי פעלן ווערן קערפער און גייסט אָפגעשוואַכט. אַלס מענטש, וועלכן דער קאָנטראָל איבער זיך אַליין איז געוואָרן נויטווענדיק, האָט ער זיך אין דעם פּרט נישט געלאָזט פאַרפירן; געוויסע, גיכע, קורצע, שיפרירטע נאָטיצן, וואָס ער האָט געמאַכט זינט אַ געוויסער צײַט, הויפּטזעכלעך אין די שפּעטע שעהן, זענען געווען ענלעך צו קורצע מאָנאָלאָגן, אין וועלכע ער האָט זיך באַמיט אָפּצוגעבן פון זיך אַ דין־וחשבון, האָט זיך געוואָרנט, האָט פאַרחידושט זיך געפרעגט, ווי ער צילט און גלײַכצײַטיק האָט ער אין זײַנע האַנד־לונגען פאַרשטאַרקט די זיך פאַרמערנדיקע, ווונדערלעכע טראַצי־קײַט. די פּערזענלעכע און פּריוואַטע באַציִונגען מיט לודוויגאַ דערקום זענען פון דידאָזיקע נאָטיצן לחלוטין אָפּהענגיק געווען. ער וואָלט זיך זיכער אויפגערעגט און איבערראַשט געוואָרן, ווען עפּעס אַ העכערער גייסט וואָלט, דורכדרינגענדיק דעם זין פון די ענינים, אים געשעפּטשעט, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו זעגלען אונטער אַ פאַלשער פאָן און אויף שלעכטע וועגן. מען טאָר דאָ נישט אַדורכלאָזן די באַמערקונג, אַז דער גרעסטער טייל פון ניכטערע און פון דער פּראַקטיק פאַרהאַרטעוועטע מענער, ועט אַבערגלויבעריש די געביטן, אויף וועלכע אַזאַ לודוויגאַ האָט זיך געפילט גאַנץ היימיש; און זיי קענען נישט אָפּשאַצן זייער נאָך טיפערע און טרויעריקערע ניכטערקייט. אינערלעך אָן צוטרוי, אויסערלעך פאַרבענקט, אין יעדן פאַל נייגעריק ביז צו גליסטיקייט, זעען זיי דערין וואָס זיי רופן אָן העכער ליכט, אַ פאַרייניקונג פון פרייהייט און שיינקייט, פון אַ לעגענ־דאַרישן כשוף און איידעלער ליידנשאַפט, באַפרייונג און גליק־

זעליקייט. אויף אַזאַ אופן האָט לוידין פאַרגעטערט אַ פאַר־חידושטער די אַקטיאָרקע. אין יענער צייט, בעת ער האָט נאָך פאַר זיך אַליין באַהאַלטן דעם ווירקלעכן אמת, איז זי געווען פאַר אים די באַזיגערין פון טרויעריקן אַרבעטס-טאָג, אַ זשעני, וואָס לאָזט די געפייניקטע מענטשהייט פאַרגעסן עטלעכע רגעס איר נויט.

# XXXVII

זי האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין אַ רוסישער פּיעסע, וואָס האָט געהייסן „נאַטאַשאַ". אַ יונג מיידל שטאַרבט פון בענקשאַפט צוליב אַן אמתער גרויסער ליבע, האָט פאַרשידענע דורכפאַלן, זי קען אָבער נישט איבערהאַלטן דעם לעצטן און שווערסטן דורכפאַל, און שיסט זיך, בעת אין הויז קומט פאָר אַ באַל ביי די קלאַנגען פון וואַלס. אָט איז בקיצור דער אינהאַלט פון דערדאָזיקער עלעגישער דראַמע. אָבער לודוויגאַ דערקום האָט פון דעם יונגען מיידל געשאַפן אַ געשטאַלט מיט אַ טראַגישטרויעריקן און זיס־קרענקלעכן כשוף. לויט יעדן זשעסט האָט מען געקענט דערקענען איר טרויעריקע און דורכנעמענדיקע ליבע; מען האָט דערקענט יעדעס מאָל, ווען איר קול האָט זיך צעבראָכן און געציטערט מיט אַן אומשולדיקן ווייטיק, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבן איבער איר גורל; דער סוף איז ענלעך געווען צו אַ לונאַטיש פאַרזינקען ווערן אין די גרענעצן פון טויט; און די געוועלעכע, באַנאַלע ווערטער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין מוזיק.

ווערנדיק פאַרבעטן דורך לודוויגאַן, איז ער שפּעטער אַוועק צו איר. זי האָט אים מודיע געווען דורכן טעלעפאָן, אַז זיי וועלן איינמאָל זיך אַדורכשמועסן בלויז וועגן די געשעפטן; מיט צופרידנקייט האָט ער אָנגענומען דעם פאָרשלאַג.

דעם שטאַרקן רושם, וואָס די פאָרשטעלונג האָט געמאַכט אויף אים, האָט אים נאָך נישט געהאַט פאַרלאָזט, בעת ער איז אַרום עלף אַזייגער געקומען אין איר אַטעליע. דאָס צימער האָט

געווימלט מיט מענטשן. מיט אַ ליידנד שמייכעלע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר; עס האָט זיך געדאַכט, אַז אויך דאָס איצטיקע מאָל האָט ער אין זיין נאַיווער דערוואַרטונג געליטן אַן אַדורכפאַל; ער האָט היינט געהאָפט צו טרעפן לידוויגאַן אויב נישט אַליין, איז כאָטש אין אַ קליינעם קרייז. ווען עמיצער וואָלט געוועגדט זיין אויפמערקזאַמייט אויף אים, וואָלט ער געקענט אַראָפּלייענען פון זיין פנים, ווי דאָס אַלץ האָט אים אויפגערייצט: די העלקייט פון צימער, דאָס אַלגעמיינע געלעכטער און טומל, די פעסטקייט אין זיך און דאָס געפיל, אַז דער ציל איז דער־גרייכט, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט אָט די אַלע מענטשן. ווען ער אַליין וואָלט צווישן אַלע געסט געקומען פון אַ העכערער ספערע, וואָלט די קונסט פון דער אַקטיאָרקע בלויז אין אים אַליין געוועקן דאָס, וואָס איז געווען ציל פון איר ווייטגייענדיקער אַמביציע.

אפשר האָט לודוויגאַ געוווסט וועגן דעם. זי האָט עס זיכער געפילט. בעת זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט, און ער האָט זי שטום און פאַמעלעך באַגריסט, האָבן שטאָלצע פונקען אַ בלישטש געטון אין אירע אויגן. זי האָט אַרומגענומען און אַזוי געדריקט זיין האַנט, אַז ער איז גליקלעך געווען דערפון, ווייל דערין איז געווען צו פילן, אַז זי פילט זיין שטימונג. מען האָט דערמיט יעדנפאַלס געקענט אָננעמען, אַז זי טיילט אים אויס פון אַלע אַנדערע געסט. זי האָט ריכטיק, מיט געמיש פון אַ שפּאָט־דיקער סאַטיספאַקציע אויסגעטייטשט זיינע פאַרטראַכטע, אומרויק־פרעגנדיקע בליקן, וואָס האָבן מער־ווייניקער געזאָגט: איז עס מעגלעך, אַז די, וואָס שטייט איצט פאַר מיר אַלס אַלטעגלעכע, געוועגלעכע פערזאָן איז נישט נאַטאַשאַ? קען מען קומען פון דאָרט און זיך חברן מיט קליינע מענטשן, מיט פאַרבלאָזע, גאָר־נישט־זאָגנדיקע מענטשן?

נאָך אַביסל שמועסן וועגן ערנעפאָלדטן האָט ער זי אויף אַ רגע פאַרלוירן פון די אויגן; ער האָט בלויז געהערט, ווי זי לאַכט און רעדט מיט אַ טיף, קלינגענדיק קול. עטלעכע מענטשן האָבן גענומען רעדן מיט אים. ער האָט געענטפערט העפלעך,

נישט פאַרשטייענדיק, וואָס זיי האָבן געזאָגט. מיטאיינמאָל איז ערגעץ געפאַלן דער נאָמען מיקאָלאַי פּרוינדאָרפער. ער האָט אָנגעשטרענגט דאָס געהער און זיך דערנענטערט צו דער גרופּע, אין וועלכער ער האָט געהערט אַרויסרעדן דעם נאָמען. דאָס זענען געווען אַקטיאָרן און אַקטיאָרקעס, וואָס האָבן זיך נאָכלעסיק צוזעצט אויפן אָטאָמאַן און אויף די פאָטעלן און זענען געווען פאַרנומען מיט אַ לעבהאַפטן שמועס. זיי האָבן גערעדט וועגן לודוויגאַן, וואָס איז געזעסן מיט אַ דריי טריט פון זיי; זי האָט געהערט אַן אַגענט, וואָס האָט גערעדט צו איר מיט אַן אויפגעהויבן קול, און אין דערזעלבער צייט האָט אַן עלעגאַנט-געקליידעטער באַראָן מיט געמאַכטע מינעס אויפן פּנים, וועלכער איז געזעסן אין דער אַנדערער זייט, עפּעס געשעפּטשעט צו איר פון צייט צו צייט; זיי האָבן גערעדט וועגן דעם טרויעריקן אָנהויב פון לודוויגאַס קאַריערע, וועגן אַ ביישפּיללאָז אַרויפהויבן זיך און אויך וועגן אַ ביישפּיללאָזן גליק, וואָס וועט פירן פון דערפאָלג צו דערפאָלג. דערביי האָט מען אין געוועהנלעכע צערמאָניעס באַשווירן דעם בייזן גייסט, אָנגעקלאַפּט מיט אַ קלעצל דעם אונטערן טיש-פלאַך און אויסגעשפּיגן. דער פעטער באַראָן, וועלכער האָט נישט געקוקט אויף זיין צופרידנקייטס-שמייכל, האָט דאָס אַלס נישט געקענט אויסהערן אָן איינגעהאַלטענער קנאה, ווי צווישן די קאָלעגן וואָלט נישט געקענט זיין קיין שום ספקות, ווי אַזוי דאָס איז געשען, האָט דערקלערט, אויפהויבנדיק אַ פינגער אין דער הויך, אַז נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק האָט זי נישט געהאַט פאַרוואָס צו דאַנקן דעם פּובליקום און דער קריטיק; מענטשן האָבן בלויז איבער איר געשאָקלט מיט די קעפּ; מיטאיינמאָל האָט זיך אין איר ו״אפּטום אויפגעוועקט דער טייוול און דאָס, געדענקן מיר, האָט זיך אָנגעהויבן זינט אירע באַציונגען מיט דעם יונגן קאַפּלמייסטער פּרוינדאָרפער; ער איז געוואָרן פאַר איר די טרייב-קראַפט פון מזל הויפּטזעכלעך זינט דער צייט, ווען ער האָט זיך געשאָסן. א יינגע שיינע פּערזאָן, אין אַ באָא פון פעדערן אַרום האַלדז האָט נערוועז

מספּים געווען, צוגעבנדיק, אַז זי ווייסט פון אַ סך אַזעלכע פּאַלן; אַז דער טויט פון געליבטן ברענגט גליק. וועגן דעם האָט איר שוין געזאָגט די און די געשטאָרבענע; און זי האָט דער־מאָנט דעם נאָמען פון אַ פאַרגעסענעם בינע־שטערן; אַ חוץ דעם איז זי געווען דערביי, בעת לו האָט זיך באַקענט מיט פּרוינ־דאָרפערן; בייביידן איז געווען פאַראַן עפּעס פון די נאַטור־כחות.

— אונדזער לו האָט זיך נישט לאַנג מתעסק געווען, — האָט געזאָגט דער פעטער מאַן און אָנגענומען זיין גלאָז און עס אויסגעצויגן צו לודוויגאַן. — זי האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און אים אויפגעגעסן מיט די ביינער. נישט אמת, לו? — האָט ער אויסגערופן צו איר. — אין דעם פּרט האָסטו שטענ־דיק געהאַט אַן אויסגעצייכנטן אַפּעטיט. צום געזונט, לו!

ווייזט אויס, אַז קיין שום וואָרט פון דעמדאָזיקן געשפּרעך איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען פון לודוויגאַס אויפמערקזאַמקייט; לוידין, וועלכער איז אומבאַוועגלעך געשטאַנען הינטער דער שטול פון דער דאַמע מיטן באַאַ, האָט געקוקט צו איר מיט שטומער דערוואַרטונג, זייענדיק פאַרגעבערייט אויף אַ צאָרן־אויסברוך, אויף אַן אויפרעגונגס־ענטפער, אויף אַ פונק פון צאָרן אין די אויגן. עס איז אָבער גאָרנישט געשען. זי האָט אויסגעטרונקען אַ גלעזל ווייַן, לאַנגזאַם און פויל אַ שאָקל געטון מיט דער האַנט און אויסדרייענדיק דעם קאָפּ האָט זי געזאָגט, ווי זי וואָלט געווען פאַרמאַטערט, צעשטרייט, אָבער אָן אַ פינק צאָרן.

— אָך, הערט אויף צו רעדן אַזעלכע נאַרישקייטן, קינדער.

אַ חוץ דעם האָט זי גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן און מיט אַ שמייכל פון צעשטרייטקייט אין בליק האָט זי אפילו אָנגעקוקט לוידינען, וואָס זיין בלייכקייט און אומבאַוועגלעכקייט האָט זיך געמוזט וואַרפן אין אירע אויגן.

ווי אַ פאַרטויבטער איז ער אַריבערגעגאַנגען אין דער צווייטער זייט פון צימער. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ זייל, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן דעם סופיט, און פילנדיק, אַז זיין

שטערן איז נאַס, האָט ער אַרויסגענומען אַ טיכל און אים אָפּגעווישט. ער האָט אַ ציטער געטון, ווען ער האָט אין אַ נישט=באַשטימטער ווייטקייט געזען עפּעס אַ באַקאַנט געשטאַלט, אַ הויכן מאַנספּערשוין אין אַ סמאָקינג, מיט אַן עלעגאַנט אויסזען.

דאָס איז געווען זיין אייגענער אָפּשלאָג אין קרום=הענגענדיקן שפּיגל.

ער האָט דערהערט אַ ווייך קול, וואָס האָט אים געפרעגט, צי ער פילט זיך נישט געזונט. עס איז געווען מאַיאַס קול, וואָס האָט זיך צו אים צוגעקוקט פון אַ ווינקל, וווּ זי איז די גאַנצע צייט געזעסן אַן איינזאַמע און אַ נישט=באַמערקטע. ער האָט אויף איר אַ שאַרפן קוק געטון און נישט געענטפערט; בעת ער האָט געוואָלט נעמען אַ גלאָז וואַסער, וואָס דער לאָקאַי האָט אים דערלאַנגט, האָט זיין האַנט געציטערט.

— האָט איר געהערט, וואָס יענע הערן און דאַמען דערציילן וועגן פּרוי לו? — האָט ער נישט=דרייסט געפרעגט. — זיי שלעפּן זי פּשוט אַריין אין אַ בלאָטע, און זי פאַרטיידיקט זיך אפילו נישט.

— וועגן וואָס האָבן זיי גערעדט? — האָט מאַיאַ געפרעגט מיט אַ סודותדיקער מינע. —

— זיי האָבן גערעדט וועגן מיין פריינטס יונגן זון.

מאַיאַס פּנים איז געוואָרן נאָך מער סודותדיקער.

— פאַרגעסט דאָס, וואָס איר הערט וועגן לו, — האָט זי געזאָגט און פּלוצלינג האָט זיך אין אירע אויגן באַוויזן עפּעס ווייטיקלעך-שגעונדיקעס. — גוט אָדער שלעכט — דאָס זאָגט גאָרנישט. לו ברענט. דאָס פייער איז נישט גוט און שלעכט. מען קען עס נישט אָנרירן, מען קען עס נישט געבן קיין פאָרם. אַמאָל וואַרעמט עס און אַמאָל פאַרניכטעט עס. גרויזאַם אָדער גוט, אומבאַרמהערציק אָדער וווּנדערשאַפנדיק, אמתדיק אָדער ליגנעריש, דאָס איז אַלץ איינס, אָבער ער איז דאָ, ער עקזיסטירט, ער לעבט. אַזוי איז אויך לו. עס איז גענוג, אַז זי איז

דאָ. אויב מען נעמט זי אַנדערש, כאַפּט אַרום אַ פֿאַרצווייפֿלונג, און איך ווייס דאָס, איך ווייס.

זי האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט און אַ שוידער האָט געמאַכט ציטערן אירע אַקסלען.

לוידין האָט פֿאַרחידושט אויפֿגעהויבן די ברעמען. ער האָט געהאַט אַ סך באַווייזן, אַז מאַיאַ איז שקלאַפֿעריש אָפּהענגיק פֿון לודוויגא דערקום, אָבער ער האָט זיך באַמיט זייער נאָענטקייט אויסצוטייטשן זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן, אויסטייטשן מיט נאַטירלעכע געשעענישן און געפֿילן. איצט, — האָט זיין אויסדרוק אויפֿן פּנים געזאָגט, זעט ער דערין עפּעס אַנדערש, עפּעס אומהיימלעכעס, עפּעס פֿון אַ צושטאַנד, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטן פֿאַר קרענקלעך, אַזוינס, וואָס האָט מורא פֿאַר ליכט און שליסט אויס דעם מענטש פֿון די אייגנטאָניק-דענקענדיקע און מאָראַליש-פֿאַראַנטוואָרטלעכע. ער האָט געטראַכט וועגן אַן אַנדער יאָרהונדערט. אין יאָר 1880 זענען די מענטשן געווען אומוויסנד אין זייער וועלט-געפֿיל, זייענדיק ענגער צעגויפֿגעבונדן אין זייערע פֿאַמיליעס. דער פּרווו צו באַפֿרייען זיך דערפֿון, פֿליסט איין אין זיי בלויז דאָס געפֿיל פֿון רעכט און פֿאַרברייטערט אָבער נישט זייערע פֿאָרמען.

— אַזוי איז עס, זיכער, זיכער איז עס אַזוי, — האָט ער געשטאַמלט מיט שווערקייט, ווילנדיק ענטפֿערן העפֿלעך און ריכטיק, — מען דאַרף אָבער קאָנסטאַטירן אַן אויסנאַם.

פֿריער וואָלט ער אודאי אָפּגעוואָרפֿן אַזאַ מין אויסטייטשונג, אַזאַ גוזמאדיקע און הויכע מ י י נ ו נ ג, אָפּשאַצונג פֿון כאַראַקטער פֿול מיט סתירות און אומקלאָרקייטן. ער וואָלט דעמאָלט געענטפֿערט מער-ווייניקער; זי איז טאַלענטירט, זי איז אויסדערווײַלט, זי איז געבענטשט מיט געניאַליטעט; מסכּים; דערמיט איז זי אָבער מער פֿאַרפֿליכטענד און איבער דעם מוזן מיר באַגרענעצן אירע געביטן, כּדי נישט צולאָזן זיך באַהערשן פֿון אומאָרדנונג; זאָלן מיר נישט קאַרגן קיין אַנערקענונג פֿאַר איר; זאָלן מיר זי באַשענקען מיט אַפּלאָדיסמענטן, וואָס זי

פאַרדינט און וואָס נערן זי, אָבער מיר מוזן זיך היטן צו אַ־נערקענען איר עפּעס באַזונדערע רעכט און קודם־כּל טאָרן מיר נישט מאַכן קיין הייליקע פון אַ קאָמעדיאַנטקע; אַנדערש קען זי אונדז באַזעגן מיסצוברויכן מיט אונדזער פאַרהערלעכן דעם פּאַרס.

נאָך מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט מערווייניקער אַזוי געקלינגען זיין רעפּליק; איצט איז זיין אורטיילס־פעיקייט פאַר־טונקלט געוואָרן, אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון גלייכגעוויכט דורך יענער נאַטאַשאַ און דורך אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות, באַרירונג און קרובהשאפט מיט נאַטאַשאַן, אַזוי, אַז די איצטיקע לודוויגא דערקום איז געווען בלויז אַ שאָטן, און נאַטאַשאַ (אָדער קעטכען, אָפעליע) איז געווען דער אָריגינאַל, וואָס איז עמ־פינדלעך, באַגייסטערט, נקמהדיק, אומשולדיק, און באַשטייט נאָך פון גורל פאַרפאָלגטע, אַנדערע טיילן, פון וועלכע אַזוי זיך אויסצודריקן — עס שטעלט זיך צוזאַמען לודוויגא דערקום, וואָס רוט אין זיי.

— פריילין מאַיאַ, איר קענט פאַר מיר עפּעס טון, — האָט ער זיך אָנגערופן, אָבער תּיכּף איז ער אַנטשוויגן געוואָרן, דערזעענדיק ווידער אויף מאַיאַס פּנים אַ סודותדיקן אויסדרוק. מיט אַ באַזונדערן אַרט טראַכטן איז זי דערגאַנגען, וואָס ער פאַרלאַנגט פון איר. ער האָט פאַרביסן די ליפּן; נאָך איין וואָרט און ער וואָלט זיך געווען גערוקט צו ווייט, עס וואָלט אויסגעזען אין אירע אויגן, אַז ער באַנוצט זיך מיט שפּיאָנאַזש; אין זיינע אייגענע אויגן איז ער איצט געווען אַ פּחדן. דאָס איז געווען נישט צו פאַרשטיין, עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַלע וועגן האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין איין קנויל.

לודוויגאַ האָט זיי איבערגעריסן. זי האָט אינטים אַרונטער־גערוקט די האַנט אונטער לוידינס אָרעם און גענומען מיט אים שפּאַצירן. עס זענען אָנגעקומען געסט, דאָס צימער איז געווען גענוג גרויס, כּדי אַלע אַריינצונעמען. פון ווינקל, וווּ די אַקטיאָרן האָבן זיך געפונען, האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער־

אויסברוך. צוויי יונגע מענטשן האָבן זיך געלייגט אויפן רונדיקן טיש, וועלכן אַנדערע האָבן אַרומגערינגלט אין אַ ראָד און איינער פון זיי, האָט אינטערן באַגלייט פון פריילעכע געשרייען, געלייענט עפּעס אַ קאָמישע פּאָעמע. צום גרויסן טיש האט זיך געזעצט א גרופּע פּאָקער-שפּילער. לודין האָט ווידער אַרויסגענומען אַ טיכל, כּדי אָפּצווישן זיך דעם שטערן. גייענדיק נעבן לודוויגאַ האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געטרעטן אויף מענטשלעכע לייבער און אין אַ באַשיידענעם און געצוווּנגען-הויפלעכן טאָן האָט ער דערקלערט, אַז עס איז שיין פון איר זייט, וואָס זי פאַרנעמט זיך מיט אים; ער האָט טאַקע געוואָלט אַנטלויפן.

ער דאַרפט זיך גאַרנישט מאַכן, האָט זי געענטפערט, ער מוז בלייבן; דאָ קענען ביידע זיך פריי און רויק אַדורכשמועסן. קודם-כּל מוז זי אים דערציילן דעם פאַרלויף פון וויזיט ביי קאָנסטאַנציע אַלטאַכער. זי האָט אָנגענומען אַ נאַכלעסיק געזיכט-אויסדרוק. בעת זי האָט אָנגעהויבן צו דערציילן, האָט זיך אַרום איר מויל געמאָלט אַן אומגעדולדיקייט, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין אַ ווילן צו רעדן.

—אַדורכלאָזנדיק אַן איבעריק מבול פון טרערן און ליידן, וואָס ווייזן אויס צו געהערן צום רעפּערטואַר פון דערדאָזיקער דאַמע, איז דער רעזולטאַט אזא: זי וויל באַשטימען פאַר מאַיאַ אַ יערלעכע פּענסיע אויף צען יאָר, וואָס איר הויך וועט נאָך באַשטימט ווערן; דערפאַר מוז מאַיא זיך פאַרפליכטן דורך אַ נאָטאַריעלן אַקט, אַז ערשטנס, האָט זי שוין מער נישט קיין שום פּרעטענזיעס צו דער פאַמיליע אלטאַכער, צווייטנס; געט זי אַרויס דעם פאָרשלאַג וועגן חתונה, וואָס דער פאַרשטאָרבענער האָט איר פאָרגעלייגט אין אַלע בריוו, וואָס אַלטאַכער האָט צו איר געשריבן; דריטנס, מוז זי באַשטעטיקן אין אַן אקט אונטער אַ שבועה, אַז צווישן איר און אַלטאַכערן זענען קיינמאָל נישט געווען קיין שטראָפּבאַרע באַציונגען. דאָס זענען די באַדינגונגען,—האָט לודוויגאַ געזאָגט אין אַ טאָן פון פאַראַכטונג;—

און דידאָזיקע באַרבאַרישע פאָדערונגען האָט זי גאָרנישט אַרויסגערעדט קאַלט און געשעפטלעך, נאָר זי האָט זיי זיס־געמאַכט מיט עקלהאַפטע דרשות וועגן געמיינזאַמען גורל און געמיינזאַמען טרויער, האָט אויך דערמאָנט, אַז זי וויל ווערן גוט־פריינט מיט מאַיאַן און וויל אַדורכקומען מיט איר, ווייל דער ווייטיק, וואָס זי האָט געהאַט אויסצושטיין, טוט אָפּ אַלע פאָראורטיילן, און דאָס לעבן פול מיט מיספאַרשטענדנישן און אומזיסטע מאַטערנישן, וואָס זי האָט געפירט, מאַכט אַ תל פון דעם באַרמהערציקן און מילדן האַרץ פון דער פרוי, אַמווייניקסטן אַזוי איז עס געווען מיט איר. אירע געפילן זענען אָבער גאָרנישט קעלטער געוואָרן. מיט פרייד וועט זי זיך אָפּגעבן מיט אַ מענטש, וואָס איז געווען נאָנט צום פאַרשטאָרבענעם, ווי עס איז געווען מאַיאַ. און אַזוי ווייטער און ווייטער. דאָקטאָר לוידין וועט אודאי זיך אָפּזאָגן, מען זאָל אים ווערטלעך איבערגעבן אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט. דאָס זאַלץ פון אירע ווערטער איז געווען זי און נאָר זי און שטענדיק זי: אירע ליידן, איר גורל, איר ברייטהערציקייט, איר פיינער כאַראַקטער; זי, און זי, מער גאָרנישט.

—אַזוי איז עס, — האָט זיך לוידין אַריינגעמישט מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ,—גאוה, אומגעוועגלעכע גאוה.

—אין צוויי טעג אַרום—האָט לודוויגאַ ווייטער געזאָגט,—איז געקומען אַ בריוו פון איר, אין וועלכן זי האָט, נאָך אַ באַראַטונג מיט איר אַדוואָקאַט, אָנגעגעבן די הויך פון דער פענסיע לויט איר געשמאַק. נישט אמת? דידאָזיקע איידעלע און עלעגאַנטע דאַמען פון די בירגערלעכע ספערן זענען זייער געשמאַק? וואָס מיינט דאָקטאָר לוידין? ווי הויך זי האָט זיך אויפגעהויבן מיט איר מיטגעפיל און אין איר פריש־געבאַקענער פריינטשאַפט? וואָס מיינט ער? עס איז אַ בושה צו דערציילן מאַיאַן, עס איז באמת צו לאַכן דעריבער. עס האַנדלט זיך וועגן דער יערלעכער שכירות פאַר אַ דערווייטערטן באַן־וועכטער, וועגן אַ פשוטער אונטערשטיצונג.

לודוויגאַ איז געשטאַנען פאַר לוידינען און געקוקט אויף אים מיט אַ פלאַמענדיק־שפּאָטנדיקן בליק, ווי זי וואָלט געוואָלט

זאָגן: אָט האָסטו דיינע פרויען, אָט האָסטו דיין וועלט, זאָג איצט, פאַרטיידיקער, פאַרטיידיק זיך. זי האָט אויסגעזען מיטרייסנדיק. עס איז געווען אַ שיינער, גליקלעכער „מאָמענט”.

לוידין האָט געשוויגן.

— יאָ, אַלע ווילן זיי צאָלן, — האָט זי געברומט מיט פאַראַכטונג, האַלטנדיק אַראָפּגעהאָנגען די ליפּן, — צאָלן פאַר די פּעלערן, און פאַר די פּעלערן פון זייערע מענער און קינדער; זיי ווילן אויך צאָלן פאַר די אומאַנגענעמלעכקייטן, וואָס זיי פאַרשאַפן זייערע קוטשערס, פריזירקעס און די געליבטע פון זייערע מענער, אָבער נישט קיין סך, זאָל גאָט היטן, נישט קיין סך; אַן אונטערשטיצונג. און בעת זיי ווילן אַריין אין באַגייסטערונג און שווערן, אַז עס האָט זיך געמאַכט פון זיי אַ נייער מענטש, וואָס קען געשען, דאַן שיקן זיי אויך בלומען, אפילו לידער; אָבער דאָס ענדערט גאָרנישט די לאַגע; ווען עס קומט אָן דער מאָמענט פון צאָלן, הויבן זיי זיך אָן צו האַנדלען און פון הייליקע ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין קרעמער.

לוידין האָט געשוויגן, ווי ער וואָלט געווען איבערצייגט. אַז ער איז דער שולדיקער און ווי ער וואָלט נישט באַמערקט, ווי געשיקט זי פאַרבינדט מאיאַס ענין מיט זיינעם; דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופן, ווי ער וואָלט געוואָלט טרייסטן, אין אַ טאָן, אין וועלכן עס האָט אָפּגעקלינגען אַ טאָן פון פאַרביטערונג, אַז ער האָט געפינען אַ פונקט אין דער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס זיך שטיצנדיק אויף אים וועט ער קענען אַרויסטרעטן קעגן דערדאָזיקער פרוי.

— וואָס פאַר אַ משוגענער טומל, — האָט לודוויגא בייז אויסגערופן; — די קאָלעגן זענען שוין ביים קאָניאַק, לאָמיר אַנטלויפן. איך האָב אייך עפּעס מודיע צו זיין, מיין פריינט; לאָמיר אַוועקגיין.

ווי בעת זיין ערשטן וויזיט, האָט זי אים אַריינגעפירט אין אַ צימערל, וואָס האָט זיך געפינען הינטער איר אַטעליע און געבעטן ער זאָל זיך זעצן און זי אַליין האָט זיך אַנידערגעזעצט קעגן איבער אים.

זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט זיך נישט שפּיקן אין הקדמות. זי וועט רעדן גלייך און פּראָסט. עס האַנדלט זיך וועגן דער פילם־געזעלשאַפט. זי זעט אין אין דערדאָזיקער אונ־טערנעמונג אַ מעגלעכקייט, אַז אירע פעיקייטן וועלן זיך אויסער־געוועגלעך אַנטוויקלען. דאָס איז אַ וועג נישט בלויז צו וועלט־רום, נאָר אויך צו עשירות. זי וויל נישט אַוועק דינען צו פרעמדע, ווייל זי האָט באַשטימטע און אייגנאַרטיקע פּלענער, וואָס זייער פאַרווירקלעכונג האָט, צוליב דעם, וואָס גרעסערע פילם־האַנדלס־געזעלשאַפטן האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט זיי, אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן. זיי ווילן נישט דערלאָזן רעאַלי־זירן די פּלענער. וואָס אזוינס די פּלענער זענען וועט זי אים דערציילן שפּעטער, זי האָט אַ סך אייגפאַלן; איר קאָפּ רוישט פון לעגענדאַרישע געשיכטעס; דאָס טעאַטער האָט אָפּגעלעבט; דאָס טעאטער ווירקט שוין נישט אויף די מענטשן; די צוקונפט געהערט צום פילם. גוט, זי האָט באַקומען אַ פאָרשלאַג פון אַ געוויסן דייטשן קאַפּיטאַליסט. זי קען, וואָס אַן אמת איז, דעמ־דאָזיקן מענטש, אָבער זי האָט נישט קיין הויכע פאָרשטעלונג וועגן אים; דאָס איז אַ פאַרוועני, אַן אַרויפגעקומענער, און זי האָט אַ גרונט מוראָ צו האָבן פאַר זיין גיריקייט און פאַרלאַנג צו פאַרכאַפּן די ממשלה. זי וויל האָבן געלט פון אַ פּריינט. זי האָט געטראַכט וועגן לוידינען. מען דאַרפט האָבן דרייסיק טויזנט גאָלד־מאַרק, די פאַרזיכערונג, וואָס זי קען געבן, איז איר טאַלאַנט, איר שטערן, איר נאָמען. זי ווייסט, אַז לוידין איז רייך. זי איז זיכער, אַז אויב עס האַנדלט זיך וועגן איר, וועגן איר דערפאָלג, וועגן אירע ענינים, וועט ער אַוועקוואַרפן די קליינלעכע מורא און ספקות. זאָל ער איר זאָגן, וואָס ער טראַכט וועגן איר פאָרשלאַג, אָן לאַנגע ישובת־הדעתן, זי האָט נישט קיין צייט צו וואַרטן, זי מוז מאָרגן אינדערפרי טעלעגראַפירן; זי מוז נאָך היינט הערן זיין ענטפער: יאָ אָדער ניין.

מען קען נישט מיט קיין קעלטער בלוט צולייגן אַ מאָן אַ מעסער צו דער ברוסט. יאָ אָדער ניין. איז לוידין אַזוי רייך,

ביט וואָס פאַר אַ לייכטקייט לודוויגא האָט געמיינט? וועט ער ארויסשאָקלען פון די אַרבל דרייסיק טויזנט מאַרק? איז ער דען נישט אַ זאָרגפעלטיקער פאָטער פון א פאַמיליע, וועלכער האָט שריט נאָך שריט דעראָבערט זיין פאַרמעגן און הערשט דערמיט? ער איז אפילו נישט אָרעם. עס פעלן אים נישט קיין מיטלען. די קאפּיטאַלן זענען לאָקירט, אַנדערע געפינען זיך אין באַוועגונג, ער האָט גוט געבאַלעבאַטעוועט; די פּאָליטישע רייפקייט און אַ געוויסער פעסימיסטישער קוק האָבן געבּרענגט פּירות אין דעם פּרט און די פּראַקטיק, בּפרט אין די לעצטע יאָרן, איז אומגעוועגלעך באַצאָלט געוואָרן. מען האָט דערציילט, אַז די רעכנונגען, וואָס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין זיין קאַנצעלאַריע, האָבן געבּרענגט הונדערטער מיליאָנען. ער פאַרמאָגט אַ שטעלונג, וועט פאַררעכנט צו די העכערע ספערן, צו דער מעכטיקער פּאַלאַנגע פון דער געזעלשאַפט. אָבער דער בירגערלעכער גייסט, וואָס רוט אויפן אָנגענומענעם און פעסטן קורס פון געלד, מוז זיך אונטערגעבן די באַגרענעצונגען, וואָס מען מוז רעספעקטירן צוגלייך מיט די געשריבענע געזעצן. אַרויסרייסן לייכטזיניק אַ טייל געלט פון דער זיך פּראָצענטירנדיקער גאַנצקייט און עס מקריב זיין פאַר אַ געוויסן צוועק, וואָס איז, אַגבֿ, זייער צווייפלהאַפט און דראָט מיט היזקות שוין דערפאַר, ווייל עס פעלן פאַך-קענטענישן און מען קען נישט איבעררעכענען דעם פּועל-יוצא, הייסט — לאָזן זיך אויף אַן אַוואַנטורע.

פון דער צווייטער זייט האָט מען דאָ פאַרלאַנגט ארויסצווייזן אַ מענטשלעכע האַלטונג. אָט שטייט נאַטאַשא (צי קעטכען, אפעליע, צי האַנוסיע) און זאָגט: צי די קאָנסעקווענצן, וואַרף אראָפּ די מאַסקע! ווייז, וואָס דו בּיזט: אַ געַנוס-זוכער, טרוימער, זינגלעכער, ענטוזיאַסט אין די געפילן, וואָס קאָסטן גאָרנישט, צי דו בּיזט אַן אמת-זוכער און אַ פאַרטיידיקער. איז עס חוזק אָדער ערנסט? געפינען מיר זיך אין אַ טעמפּל, צי אין אַ קראָם?

לודוויגא, וואָס האָט דייטלעך באַמערקט דעם קאַמף אין

אַדוואָקאַטס נשמה, אָבסערווירנדיק אים מיט אַ בייזווייליקער אי-
ראָניע, האָט אָנגעצינדן אַ פּאַפּיראָס און קאַלט געזאָגט:
— פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרפט נישט נעמען ווערט-
לעך דרייסיק טויזנט. דאָס איז אַ פירטל טייל פון דער סומע,
וואָס מען דאַרפט האָבן, אָבער אויפן אָנהויב וועט עס גענוג
זיין. רעקוויזיטן וועלן מיר אויסבאָרגן, די סצענארן וועלן מיר
אַליין שרייבן, די הויפּט-צוציונגס קראַפט פאַרמאָגן מיר, נעמ-
לעך, אין דער אונטערגעשריבענער פּערזאָן, די רעקלאַמע
אין גרויסן סטיל וויל אונטערנעמען הער אָרטעלי, אָט דער,
וואָס זיצט אין יענעם צימער און מיט וועלכן איך האָב גע-
טרונקען אויף „ברודערשאַפט”. אַ פלינקער קאָפּ, א שעף פון אַ
גרויס אינזעראַטן-הויז — די רעקלאַמע וויל ער דערווייל איבער-
נעמען פאַר אַ פּאַקעט אַקציעס; די פאָרמאַליטעטן וועט איר דאָך
דערליידיקן; ווען די זאַך וועט זיך רירן פון אָרט, ווען עס
וועט ווערן באַקאַנט, אַז אונדזער פינאַנסיסט, — די געזעלשאַפט
וועט הייסן פעניקס, — אַז אַדוואָקאַט לוידין וועט דעם פעניקס
אַרויסטראָגן פון אַש, וועלן צו אונדז קומען צושווימען קאַפּי-
טאַלן, וויפיל מיר וועלן וועלן. נו, וואָס זאָגט איר? זענט איר
דעצידירט?

לוידין האָט זיך פאַרנייגט.

— איר זענט אַ זעלטענע אונטערנעמערן, פרוי לו, —
האָט לוידין געזאָגט רויק און רעספּעקטפול, — די סומע איז
צו אייער דיספּאָזיציע.

— גוט, — האָט לודוויגאַ געשאָקלט מיטן קאָפּ — זייער
גוט, איך האָב עס דערוואַרט. איר זענט דערזעלבער מענטש,
פאַר וועלכן איך האָב אייך געהאַלטן. איר זענט אַ מאַן. איר
זענט אַ פריינט. איר ציטערט נישט, איר שרעקט זיך נישט, איר
טרייסלט נישט מיט די ציין, בעת עס האַנדלט זיך וועגן אריינ-
לייגן אַ געוויסע סומע; שיין, הערלעך; איך דאַנק אייך.

זי האָט אים דערלאַנגט ביידע הענט און געלאָזט זיי
האַלטן.

— דאָס איבעריקע וועלן מיר מאָרגן דערליידיקן, — האָט זי צוגעגעבן.

— צי קען איך אויך עפּעס בעטן ? — האָט לוידין אָנגעהויבן מיט צווייפל, צוציענדיק זי נענטער פאַר די הענט און איינגראָבנדיק אין איר זיין ערנסטן, דורכדרינגלעכן בליק;—איז מיר דערלויבט, אויב איך בין אן אמתער פריינט, פאַר וועלכן איר האַלט מיך, צי איז מיר אייך דערלויבט צו פרעגן, טייערע פרוי לו, באשווערנדיק אייך ביים האַרץ און געוויסן, וויפיל אמת עס איז פאַראַן וואָס אייערע קאָלעגן און חברטעס רעדן וועגן אָרעמען פּרווינדאָרפער. בייזערט אייך נישט, טייער קינד; איר זענט דאָך נאָך אַ קינד, נישט אמת ? אין פאַרגלייך מיט מיר און מיינע יאָרן, זענט איר אַ ווונדערלעך קינד, וואָס איז ווערט מען זאָל עס פאַרהערלעכן. בייזערט אייך נישט דעריבער אויף אַ נישט־פאַרבעסערלעכן פּעדאַנט, נעמט אים אַראָפּ פון דער נשמה די לאַסט פון ספיקות. וואָס איז געשען ? וואָס שטעקט אין די גערעדערייען ? וואָס איז אמת ? וואָס איז רכילות און אַ פּוסט געפּלאַפּלעריי ?

לודוויגאַ איז געווען אויסערגעוועגלעך פאַרווונדערט. וואָס מיינט ער ? וואָס פאַר א פּלוידעריי ? אַך, דאָס, דאָס וואָס מיט א ווײַלע צוריק ? וואָס האָבן זיי דען געפּלוידערט ? אומזין. וואָס מיינט לוידין ? נאַרישקייט. זי האָט באפרייט אירע הענט און מיט איינער אים נאַכלעסיק אַ גלעט געטון לייכט אָבער מיט אַ חוזקדיקער האַרציקייט, צוליב וועלכן ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און זיך אַרומגעקוקט מיט אַ שוידערלעכן אומרו, ווי א חיה אין דער שטייג. זי ווייסט גאָרנישט. זי שווערט ביי איר ערע, אַז זי ווייסט גאָרנישט, אַלץ איז צעפּאַלן. לײדער, נישט קיין סך איז איר געבליבן אין קאָפּ און אין האַרץ. זי דערמאָנט זיך אויפסניי. צום טייוול, פאַרוואָס שמועסט ער מיט איר ווידער וועגן דעם אַלטן צעפוילטן ענין. אַ מאָדנע זאַך. זי פאַלט פּלוצלונג אריין אין כעס. איז ער אן אויספאָרשונגס־ריכטער ? האַ ? זי טופּעט מיט א פוס. איר פּנים נעמט אָן אין

דערזועלבער צייט אַ ליידנדן און ווילדן אויסדרוק. איז עס אפשר אַ פאַרברעך, וואָס זי האָט געקושט דאָס יונגל? האָט זי געדאַרפט גאָט־רן, ווי אָפט און אין וועלכן טאָג דאָס איז געשען? האָט זי אים געדאַרפט דעקלאַמירן לידער פון דער „פאַמיליען-כראָניק" ? זי צעלאַכט זיך. פאַטשט אין די הענט, בויגט אויס אויף הינטן דעם ברוינעם האַלדז און לאַכט. זי קניט פאַר לודינען, דרייט זיך אויף דער פאָדלאָגע, שפאַרט אָן די גאָמבע אויף זיינע קני אין קוקט אויף אים מיט אַ שטראַלנדיק געלעכטער. און ער, שטאַרק צעמישט, האַלט איין דעם אָטעם אין דער ברוסט און זוכט דעם שכל פון אָט דעם שפּיל. איז עס אַ שפּיל? מען קען נישט וויסן.

עמיצער קלאַפּט אין דער טיר. זי עפנט די טיר. לודוויג וואַרפט זיך מיט די פלייצעס אויפן דיוואַן און לאַכט אַלץ ווייטער, פאַסטוך-אידילעס זענען נישט דערלויבט, שרייט עפּעס אַ שכורע שטים. לו מוז גיין. לו איז פאַרבעטן. לו מוז שפּילן אין פּאָקער, לודין שטייט אויף, פאָדערט העפלעך אָן איין וואָרט, אַז מען זאָל אים אַרויסלאָזן. אין אטעליע הערשט אַלץ כסדר אַ טומל; לודוויגאַס געלעכטער פאַרפאָלגט אים; אין פאָדערצימער שטייען מענטשן; בעת ער האָט ענדלעך באַקומען דעם פוטער און קאַ-פעלוש, האָט ער זיך געמוזט מאַכן אַ וועג צום אַרויסגאַנג; און דאָ הערט מען אַ געלעכטער, פון דער לינקער און פון דער רעכטער זייט, א מאָדנע, אומזיניק, ברומענדיק געלעכטער, וואָס קלינגט ווי אַ קייט. נאָך אויף די טרעפּן, נאָך אין טויער, האָט ער געהערט דאָס האָזיקע, קייכנדיקע, ווילדע געלעכטער.

## XXXVIII

ער האָט זיך געוואָלט איבערגיין אַ שטיקל צופֿוס און ער האָט געהייסן דעם שאָפֿער, אַז ער זאָל פֿאָרן פֿאָרויס ביז צו אַ געוויסער גאַס און דאָרט צוואַרטן. אַ שטעכעדיקער קאַלטער ווינט האָט אים געבלאָזן אין פּנים. עס איז געווען אַן אויסגעשטערנטע פֿעברואַר-נאַכט. ער האָט נאָך נישט באַוויזן צוצוקומען צום נאָנסטן ראָג, ווי ער האָט דערהערט טריט הינטער זיך. לכתחילה האָט ער זיך נישט געמאַכט וויסן, אָבער שפּעטער, ווען אויף דער פּוסטער גאַס האָבן זיך די טריט כּסדר איבערגעחזרט הינטער זיך, האָט עס אים געאַרט. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און זיך איינגעהערט. טשלאָפּ, טשלאַפּ, טשלאַפּ, האָבן די טריט געערדט, האָט עס נישט אויסגעזען, ווי יענץ געלעכטער פֿון דער הויך איז געפֿרוירן געוואָרן אין דער ווינטער-נאַכט און פֿאַרוואַנדלנדיק זיך אין טריט, האָט עס אים פֿערפֿאָלגט אויך דאָ?

ער האָט גענומען גיין פּאַמעלעכער: די טריט זענען אויך געוואָרן פּאַמעלעכער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך אַרום-געקוקט. ער האָט באַמערקט אַ פֿרוי, אַן עלטערע און אַ גוט-אָנגעטוענע פֿרוי. נעבן אַ לאַמטער האָט ער זיך ווידער אָפּגע-שטעלט. דאָס געלבלעכע ליכט איז געפֿאַלן אויף דער פֿרוי. צווייי פֿייערדיקע אויגן האָבן אויף אים געקוקט. ער האָט דערקענט בריגידע האַרטמאַנען.

ער האָט איר דערלויבט צוצוגיין צו אים. זי האָט זיך דערנענטערט מיט אַ לויערנדיקער און גלייכצייטיק שרעקעוודיקער לאַנגזאַמקייט.

וואָס באַדייט עס? — האָט ער געפרעגט? — וואָס באַדייט דאָס נאָכגיין מיר ביינאַכט. איר שפּילט זיך אויף אַ מאָדנעם אופן, איך פאַרשטיי נישט, וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר?

זי איז געשטאַנען פאַר אים, ברומענדיק עפּעס און האַלטנדיק די אויגן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד.

— איך האָב נאָר בלויז געוואָלט וויסן, ווי לאַנג איר וועט זיך געפינען ביי יענער קאָמעדיאַנטקע.

זי האָט מיטן ווייז-פינגער געוויזן אויף צוריק און געצויגן מיט די אַקסלען.

לוידין האָט געקוקט אויף איר, ווי ער וואָלט זי געהאַלטן פאַר אַ משוגענער. זיין ענטפער איז דעריבער געווען אַ רויקער אין גלייכצייטיק אַן אויספאָרשנדיקער.

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך פאַרשטיי נישט. איר האָט אַ ודאי איבערגעכאַפּט די מאָס, איר ווייסט נישט, מיט וועמען איר רעדט. נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק בין איך געצווינגען געווען צו בעטן אייך, אַז — איר זאָלט זיך נישט אַריינמישן אין דעם פּריוואַט-לעבן פון מיר און פון מיין פרוי. איך ראָט אייך געבוי אַ דורכצולייענען דעם בריוו. ער וועט אייך אויסלערנען, אַז אַזעלכע אָנפאַלן גייען נישט פאַרביי אומבאַשטראָפט. איך בעט אייך דאָס צו געדענקן.

ער האָט זיך אויסגעדרייט און געגאַנגען ווייטער.

מאָדנע, בריגידע האַרטמאַן האָט זיך גאָרנישט געמאַכט פון דעם מוסר און פון דעם, וואָס אַזא זייער העפלעכער מענטשן ווי עס איז געווען אַדוואָקאַט לוידין, האָט זי איבערגעלאָזט אליין אויף דער גאַס.

אין עטלעכע סעקונדן אַרום איז זי ווידער געווען נעבן אים. טשלאַפּ, טשלאַפּ, האָבן אָפּגעקלינגען די טריט, ווייזט אויס, אַז זי האָט געהאַט צוהויכע שיך-קלעצלעך, וואָס האָבן איר שווער געמאַכט דעם טראָט. לוידין האָט גענומען גיין גיכער. ער האָט דערפילט צאָרן און גלייכצייטיק אַ לייכטן שוידער. די טריט הינטער אים זענען אויך געוואָרן שנעלער. פּלוצלונג

האָט ער דערהערט, ווי זי רעדט; ער האָט נישט געקענט הערן וואָס זי רעדט, ווייל דאָס איז געווען אַ נישט-אונטערגעבראָכענער שטראָם פון היסטערישע, האַלב נישטבאַוווסטזיניקע נאַרישע רייד.

יאָ, זי איז געשטאַנען אויף דער וואַך. עס איז איר נישט נמאס געוואָרן צו גיין הין-און צוריק צוויי שעה אויף דער פראָסט פאַר א הויז; עס איז נישט געווען היינט דאָס ערשטע מאָל, זי האָט שוין געשיקט צוויי מאָל איר משרת פון האַרטמאַנסדאָרף, אָבער ער האָט שלעכט געהיטן. זי האָט נישט קיין רו, בעת ער געפינט זיך ביי דער קאָמעדיאַנטקע, דאָקטאָר לוידין און אַזאַ איינע — דאָס פּאַסט נישט, די גאַנצע וועלט ווייסט דאָך ווער זי איז; עס איז גענוג צו פרעגן די שניידערינס און די הוטנפוצערינס, וועלכע זי איז שולדיק געלט; יעדער קען זי דאָך האָבן. יאָ, יעדער; אַ פאַרקויפטע פרוי אַ קאָמפּראָמיטירטע און אַן פאַרדעכטיקע; אַ שכורטע; די טעאַטער-דינערשאַפט ווייסט, אַז זי גיסט אין זיך אַריין בראָנפן, זשליאָקעט גאַנצע גלעזער קאָניאַק, און ווען זי איז האַלב שכור, דעמאָלט שפּילט זי אַמבעסטן. זי, בריגידע, קען זיך דערויף. זי האָט אַמאָל געוווינט אין הויז פון אַ געוויסע אַקטיאָרקע, וואָס האָט זיך אויפגעפירט אַזוי סקאַנדאַליעז, אַז עס פּאַסט נישט צו דערציילן. אַזאַ געאַכטעטער מאַן, ווי דאָקטאָר לוידין, וואָס ווערט אַזוי שטאַרק רעספּעקטירט אין אַלע ספערן, דארפט אפילו נישט שפייען דאָרט, ווו יענע געפינט זיך. האָט ער דען נישט קיין פרוי, און דערצו נאָך אזא ליבע פרוי? וואָס וועט זי קלערן? אַך, גאָט, וואָס איילט זיך אַזוי דער הער דאָקטאָר? פאַרוואָס אַנטלויפט ער פאַר איר? איז זי עפּעס אַ גאָרנישט שבגאָרנישט. וועלכע מען דאַרפט אפילו נישט אויסהערן? עס פעלט איר שוין אָטעם. זי איז דעם הער דאָקטאָר אָן גרענעצן איבערגעגעבן, זי האָט באַשלאָסן אָנצוהויבן אַ ניי לעבן, זינט זי האָט דערקענט דעם דאָקטאָר לוידין איז זי געוואָרן אן אַנדערער מענטש. עס איז גענוג בלויז אים אָנצוקוקן און באַלד

זאָל זיך דערוועקן אַ בעסער געפיל. זאָל ער נאָר נישט הייסן שרייבן אַזעלכע בריוו. דאָס קען זי נישט איבערטראָגן. זי וויל געבן קאַראָלינע לאַנצן פינפאונצוואַנציק מיליאָנען, אָבער זאָל ער אָפּשאַפן דאָס פאַרשליסן פאַר איר די דעפּאָזיטן. דידאָזיקע שאַנד נעמט איר אַוועק דעם שלאָף. דער פאַרשטאָרבענער האַרטמאַן וואָלט דאָס זיכער נישט געגלויבט.

זי איז געווען בײַ קאַראָלינע לאַנץ; אָבער וואָס וויל דער הער דאָקטאָר? דידאָזיקע מענטשן לעבן גאַנץ אַנשטענדיק. יאָ, זיי לעבן באַשיידן. זיי זענען ווייט פון צו האָבן גויט. זיי קענען נישט מאַכן קיין איבעריקע אויסגאַבן, אָבער עס איז נישטאָ בײַ זיי קיין צייכן פון הונגער אָדער פון עטוואָס ענלעכס.

זי האָט געבראַכט דעם לאַנץ אַ ביסל וועש, און דעם קינד אַ ציצן קליידל. ער, דער סטודענט, האָט איר אָבער געוויזן די טיר. גוט, ווער איז ער דאָס אַזוינס? זי האָט די זאַכן געמוזט אַהיימנעמען.

די מענטשן פון הויז זאָגן, אַז מיט דער לאַנץ איז נישט אַלץ אין אָרדענונג. עפּעס געשעט דאָרט. אָבער וואָס גייט עס איר אָן? זאָל אָבער דער דאָקטאָר זען, אַז זי האָט אַ גוטן ווילן. זאָל ער נאָר נישט נעמען פאַר אומגוט דאָס, וואָס זי רעדט דאָ איצט וועגן אַלעם און אויך וועגן דער דערקום. זי איז אַן אויפריכטיקע נשמה און זי שאַצט די מאָראַל העכער פון אַלץ.

בלויז דערפאַר, וואָס זי שטעלט דעם הער דאָקטאָר אַזוי הויך און פאַר איין וואָרט זײַנס וואָלט זי געגאַנגען אין פײַער אַרײַן, גיט אַזוי אַכטונג אויף אים און האָט עגמת-נפש, וואָס ער באַגייט זיך אַזוי אומבאַרמהאַרציק מיט איר. אָבער דערין איז ער נישט שולדיק, ער איז דערצו צו דערהויבן. דערין זענען שולדיק זײַנע באַאַמטע; זיי אינטריגירן קעגן איר, זי ווייסט שוין דערוועגן פון לאַנג, מען האָט זיי אויך אויפגעהעצט קעגן איר.

אויב דאָס פּייניקן זי וועט בקרוב נישט אויפהערן (אַזוי

פייניקן אַן אָרעמע, שוצלאָזע אַלמנה, וואָס מוז דערנערן צוויי קליינע קינדער!) און אויב דער הער דאָקטאָר וועט זי הייסן לויפן הינטער אים ווי אַ הונט, און נישט האַלטן פאַר ווערט איר צו ענטפערן, דעמאָלט וועט זי פון איר זייט זיך כאַפּן צו אירע מיטלען אין דעמאָלט וועט מען שוין נישט קאָנען רעכענען אויף איר אָנשטענדיקייט.

דאָס געזעץ מוז זיין געזעץ, און דאָרט, ווו מען האָט געשווירן געטריישאַפט, דאָרט מוז די געטריישאַפט בלייבן. אַנדערש וועט די וועלט אונטערגיין...

— טשלאַפּ, טשלאַפּ, — האָבן אָפּגעקלינגען די געשפּעניסטיקע טריט.

עס האָט זיך געוויזן דער אויטאָ. לודין האָט זיך גיך איינגעזעצט און פאַרקלאַפּט די טירלעך. מיט אַ טונקעלן בליק, וואָס איז לודינען פרעמד געווען, האָט ער אָפּגעמאָסטן די פרוי.

בעת דער אויטאָ האָט זיך געריכט, איז זי געשטאַנען אינמיטן גאַס מיט אַן אָפן מויל, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעקוקט אַ לאָך.

אַ פינצטערניש פון עטלעכע מינוט האָט איינגעשלונגען דעם אויטאָ.

בריגידע האַרטמאַן איז נאָך געשטאַנען אויף איר אָרט אָן באַוועגונג, ווי אַ טייל פון דער שווערער, שוואַרצער נאַכט, וואָס האָט פאַרדעקט די שטאָט, און געקוקט אין דער ריכטונג, ווו דער אויטאָ איז פאַרשוווּנדן.

דער ווייטיק, וואָס אַ באַשעפעניש דערפילט, איז עפּעס אַבסאָלוטס און מיט אים שטייט עס אויג אויף אויג מיט גאָט.

## XXXIX

מאַרלינע האָט פאַרבעטן עטלעכע יונגע פריינד און פריינדינס; פּיאַ האָט דעריבער געהייסן באַהייצן דאָס צימער, וואָס גייט אַרויס אויף דער גאָרטן-טאַראַסע.

אויך רעלין האָט מען דערלויבט צו פאַרבעטן צוויי פריינדינס, וואָס זענען עטוואָס עלטער פון איר און וואָס זייערע אָנשווינגען און מיינונגען האָבן געוויזן מאַרלינעס הסכמה. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ וויכטיקן ענין. עס איז געגאַנגען וועגן גרינדן אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער עס זאָלן אַרייַנטרעטן אַלע יונגע מענטשן, וואָס ווילן שאַפן אַ נייַ און בעסער לעבן אויף דער ערד.

די סטאַטוטן און ווערבירונגס-אופנים האָבן טאַקע געזאָלט אַרומגערעדט ווערן אויף דער היינטיקער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג.

לורע אַרנדט איז געקומען פריער, כדי צו האָבן צייט זיך אויסצוגיסן ס'האַרץ אויף געוויסע פריוואַטע ענינים. זי האָט נישט איבערגעוויטיקט פרוינדאָרפערס טויט; מיט אַלע געדאַנקען איז זי געווען ביי אים און זיין בילד, און ווייל מאַרלינע איז געווען מער איינגעהאַלטענער בנוגע אירע אינערלעכע איבערלעבונגען, ווי זי, האָט זי געמיינט, אַז מאַרלינע איז שוין געקומען צו זיך נאָך דעם פאַרלוסט, און זי איז געווען אַזוי נאַיוו, אַז זי האָט איר צער כסדר געמאַכט פאַרן קעגנשטאַנד פון אירע שמועסן מיט מאַרלינען.

דערצו זענען צוגעקומען פאַרשידענע אַנדערע דאגות. איר פריצייטיקט רייפקייט און פיזישע אַנטוויקלונג האָט גורם געווען,

אַז זי זאָל זיך אינטערעסירן מיטן לעבן פון אירע באַקאַנטע פרויען און מענער.

זי האָט זיך אַ סך אָנגעזען און דאָס מאַטעריאַל, וואָס זי האָט אָנגעזאַמלט אין איר קאָפּ, האָט זי געברענגט צו מאַרלינען, כדי זיך צו באַראַטן דערוועגן.

בעת ביידע פריינדינס האָבן געשמועסט, זיצנדיק ביים פענסטער, האָט רעלי געדעקט דעם טיי-טיש. זי האָט געבאַלעבאַטעוועט ווי אַ ווירטין, האָט אויפגעהויבן די גלעזער און ליכט, כדי צו זען, צי זיי זענען ריין, האָט אַריינגעלייגט סערוועטקעס אין די פיגורן, האָט צעשניטן קוכן און געלייגט שטיקלעך ברויט אויף די טעלערלעך.

בלויז די פרוי ראַט האָט געשטערט איר באַלעבאַטישקייט. זי איז שטיל אַריינגעקומען אין צימער, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ איז זי צוויי מאָל פאַרומגעגאַנגען הין און צוריק, דערנאָך איז זי צוגעקומען צום טיש, און ברומענדיק, האָט זי געפרעגט דאָס איייניקל, פאַר וועמען זי מאַכט די אַלע פאָרברייטונגען. רעלי האָט געגעבן אַ טרוקענעם און קאַלטן ענטפער. די אַלטע האָט אַן אומצופרידענעם ברום געטאָן.

עס איז שווער געווען צו וויסן, וואָס זי האָט געזאָגט, אָבער מער-ווייניקער האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן, אַז זי האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין „אירע צייטן" האָבן יונגע מיידלעך נישט דערוועגט זיך אויף אייגענער האַנט צו מאַכן בעלער, בפרט, ווען די מיידלעך האָבן נאָך אַפילו נישט קיין צוואַנציק יאָר.

פאַר אירע צייטן, מיט אַ דרייסיק-פערציק יאָר צוריק, האָט מען געמאַכט אַ הויז-באַל איינמאָל אין קאַרנאַוואַל, מען האָט געמאַכט אַזאַ גרויסן באַל, אַז ער האָט געסטייעט אויף אַ גאַנץ יאָר.

אַז פּופּצניאָריקע מיידלעך זאָלן אַליין זיך מאַכן טיי-אָוונטן, ווי עס איז היינט אין דער מאָדע; האָט מען דעמאָלט נישט געוווּסט, אַז אַזעלכע יונגע מיידלעך זאָלן שוין האָבן אייגענע דאגות אין קאָפּ און וועגן וואָס צו שמועסן, גאָט צו

דאַנק, פון אַזעלכע זאַכן האָט מען נישט געוווּסט.

רעלי האָט געקוקט אויף דער באָבען מיט אויפריכטיקן מיטגעפיל און געשאָקלט מיטן קאָפּ, פּונקט ווי זי וואָלט אויך געהאַסט די היינטיקע אומזיניקע מאָדעס, נאָר זי קאָן, ליידער, גאָרנישט טון קעגן דעם.

אַז די פרוי ראָט איז אַרויס פון צימער, האָט זי זיך אויסגעדרייט צו מאַרלינען און לורן און געזאָגט:

— שטענדיק רעדט מען וועגן יאָרן. צוואַנציק יאָר, דריי־סיק יאָר, מען רעדט און מען וויל דערמיט אימפּאָנירן. וואָס באַדייט צוואַנציק יאָר, דרייסיק יאָר? דאָס באַדייט דאָך גאָר־נישט. זי וויל מאַכן איינהאַלטעוודיקער, אָבער זי פירט גאָר־נישט אויס. מען קאָן דערפון גאָרנישט אַרויסדרינגען, מען קאָן זיך דערפון גאָרנישט פאָרשטעלן. יאָרן, יאָרן... איך קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, בעת איך הער: דרייהונדערט יאָר פאַר קריסטוסן. און איר?

די מיידלעך, וועלכע מען האָט געפרעגט, האָבן גאָרנישט געענטפערט.

לורע האָט מיטגעטיילט מאַרלינען, אַז די פרוי דאָקטאָר קאַדעלקאַ געפינט דעם מאַן — זי איז איבערצייגט דערין.

— ער פילט עס גאָרנישט, — האָט זי דערציילט, בלאָס ווערנדיק פון צופיל איבערנעמען זיך — ער האָט זי ליב, ער שענקט איר די שענסטע זאַכן. בעת זי רעדט, קוקט ער אויף איר מיט אַנציקונג; טאָג און נאַכט אַרבעט ער פאַר איר, ער שפּילט אַפילו פאַר איר אויף דער בערזע, און זי פאַרראַט אים מיט אַ באַנק־באַאַמטן, מיט אַ געוויינלעכן אומגעבילדעטן מענטש. איז דאָס נישט שרעקלעך?

מאַרלינע האָט פאַרטראַכט געדרייט דאָס פינגערל מיטן קליינעם פערעלע, וואָס זי האָט געטראָגן אויפן פינגער און וואָס זי האָט באַקומען פון דער מוטער אין קאָנפערמאַציע־טאָג, און געזאָגט מיט אַ מאָדנעם שמייכל:

— איך האָב נישט ליב, לורע, אַז דו פאַרנעמסט דיך מיט אַזעלכע זאַכן. עס איז דערין פאַראַן אַזויפיל קרענקלעכס,

מען דאַרף וויסן דערוועגן, און עס איז גוט, אויב מען ווייסט אַ סך. אָבער ליידן דעריבער, וואָס פרוי קאַדעלקאַ טוט, הייסט נעמען דאָס האַרץ און אַריינוואַרפן עס אין אַ קובל שמוץ.

— וואָס פּאַראַכטסטו אַזוי אַזעלכע פרויען? — האָט לורע געפרעגט אַ צעמישטע.

מאַרלינע האָט געצויגן מיט די אַקסלען:

— איך פּאַראַכט זיי נישט, ווער וואַגט צו פּאַראַכטן? אָבער איך מוז גיין ווייטער. דו אויך. מיר מוזן דערגיין ווייטער. אַנדערשוו. פאַרשטייסט?

זי האָט אָפּט איבערגעחזרט דאָס וואָרט פאַרשטייסט. עס האָט פילבאַר געקלונגען אין איר מויל, ווי אַ געבעט, מען זאָל האָבן צו איר צוטרוי און גלויבן.

די געסט האָבן זיך איינציקווייז גענומען צונויפקומען. זי איז אויפגעשטאַנען, האָט באַגריסט יעדן באַזונדער, האָט געזאָגט יעדן עפּעס אַ העפלעכקייט, פּונקט ווי איר פאָטער. רעלי האָט געבערענגט טיי און אָנגעגאָסן גלעזער.

אַלע האָבן פאַרנומען ערטער לויט דעם, ווי מאַרלינע האָט אָנגעצייכנט און אין גיך-געפירטן שמועס האָבן זיך צונויפגעמישט די קולות פון די מיידלעך מיט די שטימען פון די בחורים.

עס זענען געווען אַכט מיידלעך און זעקס יונגעלייט. מאַרלינעס פּראָגראַם האָט פאַרלאַנגט נאָר פינף בחורים. רעלי האָט אָבער דורכויס געפאָדערט דעם זעקסטן, כדי צוואַמען זאָל נישט אויסגעקומען די פאַטאַלע־צאָל דרייצן.

דער דרייצנטער איז געווען אַ קליינער, ספּריטנער און ליטרער.

צוליב זיין ליטערקייט איז ער נישט געליטן געוואָרן. ער איז געווען אַ זון פון אַן אַפּטייקער פון דער פאָרשטאָט. די אַנדערע זענען געווען רויִקע און ערנסטע בחורים, אָביסל נישט דרייסטע צוליבן איבערגעוויכט פון די דאַמען און אומזיכער, טראַכטנדיק, צי מען וועט נישט קודם־כל פאָדערן פון זיי אַ סאַלאָן-אויפפירונג, צי אַ פריי-באַגייסטערטע האַלטונג. וועגן איי-

נעם פון זיי, העלמוט שארף, איז געווען באקאנט, אז ער איז א פאעט; ער האט געדרוקט אין א זשורנאל זייער מאָדערנע לידער; ער איז אין דער לעצטער צייט געווינט געווען צו ווארפן זיין ווארט אלס ענטגיילטיק-זיכערס.

דער צווייטער, וואס האט געהאט א נישט-דרייסט אויסזען, איז באלעבט געווען פון אן אומרויקן גייסט און האט א שם פון א גוטן רעדנער.

ער האט זיך גערופן הערעלד, און מארלינע האט אים רעספעקטירט צוליב זיין ריינעם כאראקטער און שיינע גע־דאנקען.

ווען אלע האבן געגעסן און געטרונקען, האט מארלינע געגעבן א צייכן אויפצושטעלן זיך פון טיש. די יונגעלייט האבן פארנומען ערטער אויף דער טעראסע און מארלינע האט, זיך געווענדט מיט עטלעכע ווערטער צו די אנוועזנדע. זי האט זיי דערמאנט דעם ציל פון דער פארזאמלונג, וואס איז געווען אלע־מען באוווסט און האט אלעמען אינטערעסירט. עס האנדלט זיך, האט זי געזאגט, נישט וועגן א פארשווערונג, נישט וועגן א גע־היימער אונטערערדעניש, בכלל וועגן גארנישט סודותדיקס, נאר וועגן אזוינס, מכוח וועלכן עס איז דערלויבט צו רעדן פריי און אפן און עס איז גארנישט דא וואס מורא צו האבן, מען זאל זיך אונטערהערן, ווייל אינם פלאן, וואס מען וויל אונטערנעמען איז נישט אנגעצייכנט צו שטורמען אזוינס, וואס עקזיסטירט, נאר עס איז אנגעצייכנט צו שאפן אזוינס, וואס עקזיסטירט נישט.

דערמיט זענען אלע, מיינט זי, מסכים. זיי זענען אויך מסכים צו דעם אופן, ווי די געזעלשאפט דארף אנטשטיין. גע־ווייגלעך געשעט עס, אז די יוגנט וויל אפרוימען עפעס פאלשס און זי שטרענגט אן אלע כוחות, כדי דאס צו באזייטיקן פון וועג, בעת זי וויל שפעטער אויפן ארט פון פאלשן אוועקשטעלן עפעס גוטס און גערעכטס, קאן זי זיך נישט געבן קיין עצה. אנשטאט איין פעלער, מיט וועלכן די עלטערע האבן געזינדיקט

באַגייען זיי דריי פעלערן און דער אומזין ווערט נאָך מער אומזיניקער.

צי איז דען נישט בעסער לכתחילה אָנצוהויבן דאָס גוטע און גערעכטע, און אַזוי־אַרום מיידן מיר אויס די שווערע, פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט פון אָפּרוימען און באַזייטיקן פון וועג. יאָ, דערדאָזיקער אמת איז נישט אויסגעוואַקסן אין איר, מאַרלינעס, אייגענעם גאָרטן, ער איז אויסגעוואַקסן אין בשותּפות־דיקן צוזאַמענלעבן מיט אַנדערע, וואָס פילן און טראַכטן אַזוי ווי זי.

מאַרלינע איז נאָר בלויז די, וואָס דערמאָנט, וואָס וועקט, אפשר בלויז דערפאַר, ווייל עס איז באַקאַנט, אַז זי האָט אַ באַוועגלעכע צונג.

זי האָט זיך פאַרנייגט און געענדיקט:

— מיר רופן נישט דעריבער: נידער מיט דער שול! נידער מיט עלטערן און לערער. נידער מיט דער רעגירונג און מיט דער אויטאָריטעט, נאָר מיר זאָגן: אין דער הויך, אַרויף! לאָמיר זיך העכער אויפהויבן. מיר ווילן כאָטש איינמאָל אַליין עפּעס אָנכאַפּן מיט די הענט, דאָס ווילן געוויס מיר אַלע; אָבער קודם־כּל ווילן מיר זיך אַליין. דאָס האָט מען ביז־אַהער נאָך נישט געפּרוווט. מער נישט טון קיין שום שלעכטס; נישט באַטייליקן זיך אין שלעכטן און אין געפאַלענעם; אָפּזאָגן זיך פון געוואַלט, יעדערער פאַר זיך און יעדערער פאַר אַלע; מען דאַרף זיין געהאָרכזאַם זיך אַליין; מען טאָר נישט זיך אַליין צעברעכן דעם גלויבן. אָט דאָס דאַרף מען, לויט מיין מיינונג טון און דאָס ווילן מיר. אויב איך זאָג: אין דער הויך! זוך איך פאַר דעמדאָזיקן „אין דער הויך" עפּעס אַ נאָמען און איך געפין נישט קיין בעסערן נאָמען, ווי דער פלאַם, וואָס איז די פאַרקערפּערונג פון ליכט, וואַרעמקייט, באַוועגונג, און פון דער שטרעבונג אין דער הויך און איך לייג פאָר, אַז די געזעלשאַפט, וואָס מיר גרינדן היינט, זאָל הייסן פאַריין „דער פלאַם".

דער יונגער העראָלד האָט געענטפערט אויף דערדאָזיקער רעדע.

ער האָט אָנגעוויזן, אַז די איינגלייטונגס־רעדע איז געווען צו אַלגעמיין און נישט באַשטימט.

פּראָגראַמען פון פאַרבעסערן, אַזעלכע צי ענלעכע, פעלן נישט; דאָרט, וווּ די פאַרדאָרבנקייט האָט זיך צומשטאַרקסטן איינגעגעסן, דאָרט וועלן נישט העלפן קיין הייל־מיטלען.

דעם קרן פון דער אידייע קאָן מען גאָרנישט פאָרוואַרפן, בפרט ווען ער שטעלט פאַר אַ מין קריסטאַליזאַציע־פּראָדוקט, און די ירידה פון ווילן און גייסט פון איצטיקן דור לאָזט זיך אומעטום אַזוי דייטלעך פילן, ווי אַן אַטמאָספערע־קאַטאַסטראָפע. עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז זאָל נאָר פון וועלכן עס איז מויל פאַלן אַ לאָזונג, געפינט זיך באַלד אַ גרייטע אַרמיי קריגער. אָבער אויב דער קליינער קרייז, וואָס איז זיך דאָ צונויפגעקומען, און וועלכן מען קאָן נישט צונעמען די סימפּאַטישע באַדייטונגען, וויל מיט זיין פּלאַם ברייטער טעטיק זיין, (פּלאַם — נישט קיין שלעכטער נאָמען, ער איז פאַרן נאָמען פּלאַם, אויב דער פּלאַם מיינט צוצוציען זומערדיקע און ווינטערדיקע,) — דעמאָלט דאַרף מען האָבן אַ קלאָרערן פּראָגראַם און קודם־כל אַ גוטע דיסציפּלין.

— וואָס פאַר אַ דיסציפּלין? וואָס פאַר אַ העלערע קאָנטורן? וואָס פאַר אַ פּראָגראַם? — האָט מען געפרעגט — וואָס מיינסטו? מיינסטו פונקטן? סטאַטוטן? דאַרף מען איינפירן אַ געזעלשאַפט־דיסציפּלין? מאַכן קאָנפערענצן און ביר־אָוונטן? אַ געלעכטער.

מאַרלינע רופט צו אָרדנונג. העלמוט שאַרף שטעלט זיך אָן מיט פאַרקרייצטע הענט, ווי אַ דיכטער, רופט ער זיך אָן:

— עס חלומט זיך אים אפשר אַן אָרדן פון קלויסטער־ברידער אין שוועסטער.

— פאַרוואָס נישט? — ענטפערט העראָלד, נישט פילנדיק זיך אַראָפּגעשטויסן פון וועג. — עס זענען פאַראַן אינסטיטוציעס, וואָס זייער פריערדיקע הייליקייט האָט זיך נישט פאַרקלענערט דערמיט, וואָס די צייט האָט דערהרגעט זייער זין. ער וויל:

פונקטן, וועלכע מוזן זיין הייליק פאַר יעדן מיטגליד; שבועות, וואָס זענען זינט יאָרן געווען אַ גרויסער ווערבירונגס כוח און האָבן מאָראַליש באַאיינפלוּסט אַלע גייסטיק- און קול-טורעל-ווירקנדיקע ברידערשאַפטן; ער דערמאָנט די דערהאַבענע ריטערלעכע אָרדנס פון יונגן קריסטנטום, אָדער די ריזיקע לאָ-זשעס פון אַכצנטן-יאָרהונדערט; צו די וויכטיקסטע זאַכן פאַר-רעכנט ער: אויסוויילן אַן עלצטן אויף אַ באַשטימטער צייט, אָבער מיט אומבאַגרענעצטע פולמאַכטן; ווייטער מוז זיין אַ פליכט צו שווייגן נישט בלויז אויסנווייניק נאָר וועגן יעדן אונטערגענומענעם פלאַן (דאָס שלעכטס — האָט ער צוגעגעבן, — באַשטייט אין דעם איבעריקן, פוסטן וואָרט).

ווייטער גייט איינגעהאַלטנקייט אין אַלע פּרטים, די אַב-סטענענץ מוז געהאַלטן ווערן אין די גרענעצן פון אייזערנעם צוואַנג.

און אייזערנעם צוואַנג רופט ער דאָס, וואָס לאָזט, נאָך אויסנוצן אַלע מיטלען, אויך אַראָפּרוימען פון וועג אַ מענטש.

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ דעבאַטע, אין וועלכער די מייד-לעך האָבן זיך מער צעהיצט ווי די בחורים.

באַזונדערס האָט זיך צעפלאַמט אַ הויך-וויקסיקע ברוינע סעמינאַריסטקע, אַ טאָכטער פון אַ געוועזענעם אָפיציר, זיבעצן יאָר אַלט.

זי האָט זיך צערעדט ביז טרערן און ביי קיין פאַל האָט זי נישט געוואָלט אַנערקענען דאָס, וואָס אַנדערע האָבן אָנגע-האַלטן פאַר אויספירבאַר: אונטערוואַרפן זיך אַ גייסטיקן עלצטן. זי האָט זיך ערשט באַרויקט, ווען מאַרלינע, וואָס איז גערירט געוואָרן פון דעם מיידלס קינדערשער עקשנות, און אָננעמענדיק זי פאַרן אָרעם, האָט זי איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ס׳וועט זיך איינגעבן אַוועקצושטעלן אַ מאַכט אָן אויזורפּאַטאָרישע מיט-לען, אַ מאַכט, וואָס זאָל זיך שטיצן אויף שלום און ליבע.

הערנדיק דידאָזיקע באַמערקונגען, האָט דעם אָפּטיקערס כיטרער זון נישט געקאָנט איינהאַלטן אַ בייזן שמייכל צו טון. אויך דער פּרינציפּ פון אומבאַדינגטער אונטערגעוואָרפנקייט האָט

אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד, מען האָט דערין געזען באַט-ע. אָן שוואַכקייט.

אָבער דער יונגער העראָלד האָט קלוגער פון זיין עלטער באַוויזן מיט פיל באַדייטנדיקע ווערטע, אַז טאָקע אין אָט דעם מין שוואַכקייט ליגט דער כוח פון דער מינדערהייט, און מיט אַן אייגנאַרטיקן אויסדרוק האָט ער עס באַצייכנט אַלס סיס-טעם פון אַ לאַנגזאַמען באַווייזן די מאַכט.

— אויסגעצייכנט! — האָט אויסגערופן מאַרלינע. — אַ שפּאָרזאַמקייטס-קאַסע. אַן אַקומולאַטאָר.

— געוויס — האָט ער באַשטעטיקט, — יעדער פון אונז שטעלט פאָר אַ מין אַפּאַראַט-זאַמלער און עס איז אַ פאַקט נישט צום אָפּלייקענען, אַז דער נביא, אויב ער איז אַ ווירקלעכער נביא, שאַפט זיינע הונדערט, אַפילו טויזנט אַנהענגער.

עס האָט זיך געהאַנדלט, ווי עס איז צו זען, וועגן די העכסטע פּראָבלעמען. וועגן דער גויט און ווילזיין פון דער מענטשהייט, וועגן דער צוקונפט און וועגן דער עקזיסטענץ. די-דאָזיקע יוגנטלעכע קעפּ האָבן הייס געטראַכט וועגן פּראָבלעמען פון לעבן, הייסע הערצער האָבן זיך געריסן צו איין אויפגע-לעבט וועלט-בילד.

זיי האָבן נישט געדאַרפט קיין דערפאַרונגען. און אפשר וואָלט נישט איינער פון די געענדיקטע און באַסיטלטע, וואָס האַלטן, אַז זיי קאָנען אורטיילן וועגן גורל פון דער וועלט בלויז דערפאַר, ווייל זיי טראָגן זי. און טראָגן מעגן זיי, אפשר וואָלט נישט איינער פאַרחידושט געוואָרן און געענדערט זיין מיינונג, אַז לעזן עפּעס אַן ענין איז אָפּהענגיק פון גרויע האָר, איינגעהויקערטע פּלייצעס און פאַרטרוקנטע ליפּן.

אפשר וואָלט ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז צווישן זייער דעראָבערטן וויסן און שטורעם פון הערצער איז קודם-כל פאַראַן אַן אונטערשייד פון טעמפּעראַטור, וואָס מאַכט מבטל זייער כלומרשטע העכערקייט.

אפשר וואָלטן זיי אַמאָל אַ טראַכט געטון, אַז זיי דאַרפן אויף פרווו אַרויסגעבן די לייצעס פון זייערע אַלטע הענט אין

יונגע, מוסקולירטע הענט, ווייל דאָס, וואָס זיי האָבן געוווּנען אין משך פון גאַנצע צענדליקער יאָר, האָט זיי נישט פעיק געמאַכט צו קירעווען מיט אַ וואָגן, וואָס איז איינגעשפּאַנט אין צוויי, ברענענדיקע, יונגע פערד.

יעדנפאַלס וואָלטן זיי פאַרחידושט געוואָרן פון זייער אַרט רעדן, דרייסטקייט פון ווערטער און פון ערלעכן אימפּעט. זיי וואָלטן אויפגעהערט צו קוקן מיט גרינגשעצונג אויף דעם, וואָס צוליב די טעמפּע, קורצזיכטיקע אויגן גיט עס זיך נישט צו אַנטפּלעקן.

און זיי וואָלטן זיך געמוזט מודה זיין אין זייער בלינדער מיינונג. וואָס האָט זיך אומאויפהערלעך נוקם געווען אין זיי, אַז די יוגנט קוקט נאָך אויף זיי מיט צוטרוי און דערוואַרטונג, אַז דאָס איז דער חוב פון דער יוגנט.

און אַז מען קאָן אין דעם פּרט רויק זיין, רעכנדיק אויף יאָרן און האַלטנדיק אַ מענטש מיט ווייניקער יאָרן נאָך נישט פאַר קיין גאַנצן מענטש. (אויך דאָ וואָלט דאָקטאָר לודין געקאָנט זען סימנים פון גאווה, אַ נאָך-נישט אונטערגעזוכטן מין פון דערדאָזיקער אייגנשאַפט).

ווען די מיינונגס-שטרייטן זענען געוואָרן האַסטיקער, האָט רעלי פאַרלאָזט דאָס צימער.

בעת לורע האָט זי ביי דער טיר געפרעגט, פאַרוואָס זי איז אַוועק, האָט זי געענטפערט, אַז זי ווייל כאַפּן לופט.

אין צימער, ווו עס האָבן זיך געפינען אַ סך מענטשן, איז איר באַפאַלן אַן אומרו, און דער טומל פון קולות האָט איר פאַרשאַפט קאָפּ-ווייטיק.

אַפילו אין טעאַטער און אויף קאָנצערטן האָט געקאָנט געשען, אַז זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אַרויסגעגאַנגען אויף אַ ווייל. און איינמאָל האָט זי דערציילט די שוועסטער, אַז אין אַזעלכע זאַלן באַפאַלט זי אָפט אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך אַ בוים.

אַדורכגייענדיק איצט דעם קאָרידאָר און דערזעענדיק די אָפענע טיר פון דער מוטערס צימער, האָט זי אַריינגעוואָרפן

אַן אויג אינעווייניק און באַמערקט די מוטער, וואָס איז געזעסן אין אַ מאָדנער אומבאַוועגלעכקייט פאַר אַ שפּיגל, האַלטנדיק דאָס פּנים אין די הענט.

רעלי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

איר פּנים האָט אָנגענומען אַ פאַרטראַכטן אויסדרוק. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען די מוטער אין אַזאַ פּויזע. פון מורא, אַז זי זאָל נישט ווערן באַמערקט אין איר אינטערהערן זיך, וואָס זי האָט אינסטינקטיוו געטון, איז זי צוריק געטרעטן עטלעכע טריט אויף די שפּיץ נעגל און בלאַסער, ווי זי איז אַרויסגעגאַנגען, איז זי אַריין אין צימער מיט די געסט. זי איז געזעסן שטייף אויף איר שטול, האָט געפּאָרשט די מינעס אויף די פּנימער, האָט געהערט די רעדעס און האָט זיך באַמיט עפּעס צו פאַרטראַכטן דערביי.

## XL

בעת דאָקטאָר היימעראַ האָט אין איינעם אַ טאָג איבערגעוואָרפן די בלעטלעך פון זיין נאָטיץ-ביכל, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ נאָטיץ, וואָס איז באַשטאַנען בלויז פון צוויי נעמען: ווייטברעכט, פרוינדאָרפער.

ער האָט לאַנג געמוזט טראַכטן ביז ער האָט זיך דערמאָנט דאָס געשפרעך אין בלעב, וואָס ער האָט אַמאָל געפירט.

שפעטער האָט ער וועגן דעמזעלבן ענין געשמועסט עטלעכע מאָל מיט לודינען.

דער שעף און זיין באַלזע זענען געווען ווינציק באַרעדעוודיק און נישט לייכט מיט געבן תשובות, וואָס מען האָט ביי זיי געבעטן, אַזוי, אַז היימעראַ, וועלכער האָט בדעה געהאַט צו רעדן מיט אַ פריינדלעך מיטגעפיל, האָט גאָר גערעדט מיט אַן אייז-קאַלט, אויספאָרשנדיק קול, אויספרעגנדיק לודינען צי עס זענען געווי פעסטגעשטעלט געוואָרן די סיבות פון פרוינדאָרפערס זעלבסטמאָרד.

לודין האָט אים אָפגעמאָסטן מיט אַ פאַרוווּנדערטן בליק.

— פון וואַנען פאַלט אייך איין אַזאַ פראַגע? — האָט ער געפרעגט מיט אומווילן און אומרויִקייט, וואָס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן איינגאַנצן צו באַהאַלטן.

— אָט, אַזוי זיך... — האָט היימעראַ געענטפערט, ציענדיק מיט די אַקסלען, און געקוקט דורכן פענצטער. — מען האָט דאָך אַ סך גערעדט דערוועגן; אַ חוץ דעם איז עס באַקאַנט, אַז דאָקטאָר לודין אַליין האָט טיף מיטגעפילט מיט דעמדאָזיקן אומגליק; דעמאָלט ווען דאָס אומגליק איז געשען האָט ער

דאָך אַליין זיך באַקלאָגט, אַז ער איז הילפלאָז און אויך דער פּאַטער פון אומגעקומענעם זון איז הילפלאָז. דאָקטאָר לודין געדענקט עס שוין אַוודאי נישט. אַט אַזוי זיך איז עס איבער איינגעפאַלן צו רעדן דערוועגן; צופעליק, עס איז נישטאָ פון וואָס צו רעדן, רעדט זיך.

ער האָט אַ נישט-דייטלעכן שמייכל געטון; האָט זיך נישט דייטלעך געזעגנט. לודין האָט גאָרנישט געענטפערט און מיט אַ געקנייטשטן שטערן האָט ער גענומען לייענען די פּאָסט.

דאָקטאָר לודין האָט, ווייזט אויס, צוליב אַ בייזוויליקער חרטה אַזוי זיך אָוועקגעוואָרפן דאָס טעמע און זיך אָפּגעזאָגט צו געבן ווייטערדיקע אינפאָרמאַציעס, וואָס ער איז שוין געווען גרייט צו טון.

ער איז געווען צופיל שטאָלץ מיט זיין טאַלאַנט אַרויסצוקריגן געהיימנישן אין קלאָרן ליכט און געשיקט צו מאַכן ריכטיקע און ווייטגייענדיקסטע באַמערקונגען, כדי יענעם זיך אָנצווואַרפן דערמיט.

ער האָט גערן זיך פאַרבאָרגן מיט דעם סוד פון זיינע קענטנישן, כדי דערנאָך בייזוויליק זיך צוצוקוקן, ווי אַזוי מענטשן וואָס ער האָט גערופן לאַיקס (וויפיל פאַראַכטונג איז געלעגן אין דעמדאָזיקן וואָרט), טרעפן זיך צענויף מיט זייערע אומפעיקייטן און טעמפּקייט.

ווערנדיק באַרירט אין זיין אַמביציע דורך לודינען, האָט ער גוט געפילט זיין אָפּזאָג צו רעדן וועגן זעלבסטמאָרד, הגם ער האָט גערעכנט, אַז ער קאָן איינע פון יענע סיבות, וואָס האָבן יענעם פאַרמיטיק לודינען אריינגעבראַכט אין אַ שלעכטער שטימונג; די סיבה איז געווען אַ בריוו פון דעם דאָקטאָר קערקאָוועצס קאַנצעלאַריע וועגן ענין פון די אַלטאַכערס.

מיטאַמאָל האָט אים באַהערשט אַ נייגעריקייט; ער האָט זיך קלאָר געמאַכט לודינס באַציונג צו דער אַקטאָרקע און די באַציונג פון דער אַקטאָרקע צום זעלבסמערדער; דעם פּאַטערס געשטאַלט האָט זיך אַריינגעמישט אין פּלאָנטער.

עס האָט זיך געוויזן די מעגלעכקייט צו וואַרפן אַ שטראַל

ליכט אין דער פינצטערניש, וואָס הילט איין דאָס געהיימניש, צו טון אַן אַנטדעקערישע אַרבעט, און דאָקטאָר היימעראָ האָט באַשלאָסן צו באַזוכן עגיד פּרוינדאָרפּערן.

באַלד צומאָרגנס איז ער אַוועק צו אים און אים געטראָפן אין דער היים.

— איך האָב שוין איינמאָל געהאַט דעם כּבוד, — האָט ער געזאָגט, געפינענדיק זיך פאַרן ריזיקן מאַנספּערשוין און קוקנדיק כמעט מיט געבעט אויף זיינע קליינע, פאַרשלאָפענע, בייזע אויגן.

— מיר האָבן זיך דעם פאַרגאַנגענעם זומער געטראָפן אין הויז פון מיין זייער חשובן קאָלעגע לודין.

פּרוינדאָרפער האָט ברומענדיק באַשטעטיקט די דערמאַנונג פון אַלטער פריינטשאַפט און געוויזן דעם גאַסט אַן אָרט. הער שמידט האָט אָן צוטרוי זיך געדרייט אַרום היימעראָס שטול, און זיין הער האָט צו אים געווינקען געבנדיק אים צו פאַרשטיין: נו, מיר וועלן שוין זען, וואָס דאָ וועט ווערן.

— וואָס מאַכט עפּעס דער זייער חשובער קאָלעגע? — האָט ער געפרעגט מיט אַ קוים-באַמערקבאַרן, אומעטיקן חוזק,— מען זעט אים איצט זעלטן, ער איז שוין בישט געוועזן ביי מיר איבער דריי וואָכן. עס דאַכט זיך מיר, אַז ער ווערט פאַרזינקען אין די פּראָצעסן. מען באַמערקט איצט אין דער וועלט, אַז די אַדוואָקאַטן האָבן אַ סך אַרבעט. מיין סטרוזש, אַ בהמה, האָט שיער בישט דערהרגעט זיין ווייב, וואָס זאָגט איר? איך בעט אַביסל העכער, ווייל זינט עטלעכע טעג הער איך שלעכט אויף איין אויער. ווי איז, איבעריקנס, אייער נאָמען?

היימעראָ האָט נאָכאַמאָל געזאָגט זיין נאָמען.

פּרוינדאָרפער האָט געדאַנקט און נעשאָקלט מיטן קאָפּ. דערנאָך האָט ער געוויזן אַז ער איז נייגעריק צו וויסן דעם ציל פון וויזיט. ער איז אָפּגעוווינט געוועזן פון וויזיטן. ער וווּנדערט זיך, וואָס אַ מענטש טרעט איבער זיין שוועל. ער האָט פאַרגעסן, ווי אַזוי זיך אויפצופירן אין אַזאַ פאַל. ער האָט מורא אַז ער פירט זיך אויף ווי אַ גראָבער יינג, הגם ער איז אַ וויל-

דער בער פון אַ הייל.

— אין קויבער אַריין, העט שמידט.

וואָס פאַר אַן איינזאַמקייט ליגט אין דעם אַלעם און אַרום אים; דאָס האָט אַפילו דערפילט היימעראָ, וועלכער איז קיינמאָל נישט געווען איינזאַם און נישט געוווסט, וואָס איינזאַמקייט איז.

ער האָט קורץ באַקאַנט געמאַכט, צוליב וואָס ער איז געקומען: אַ שמועס מיט גוטע באַקאַנטע ביי אַ גרין טישל; וויפיל צייט איז פון דעמאָלט אָן אַוועק, האָט ער געפינען פאַר נויטיק צו פאַרשווייגן, כדי נישט צו פאַרקלענערן די וויכטיקייט פון דער ידיעה, וואָס איז אים צונויץ געקומען נאָר צו אַן עקספערימענט; צווישן אַנדערן האָט מען אָנגעהויבן צו רעדן וועגן יונגן פרוינדאָרפערן.

איינער פון די אָנוועזנדיקע אין דער געזעלשאַפט, פראָפעסאָר ווייטברעכט, האָט פאַרבייגייענדיק באַמערקט, אַז דער יונגערמאַן איז קורץ פאַר זיין טויט געווען ביי אים מיט אַ מעדיצינישער וויזיט; וויטברעכט; דאָקטאָר פרוינדאָרפער קען אַוודאי דערמאָנען נאָמען: דער באַרימטער סיפילידעלאָג, ער, היימעראָ, פילט פאַר זיין חוב מיטצוטיילן דעם פאָטער וועגן דעם, הגם מ׳קאָן רעכענען, אַז דער פאָטער ווייסט דערפון. אַזעלכע זאַכן זענען, גאָט צו דאַנק, שוין נישט קיין שאַנד ביי דער יוגנט. איז עס אַ נייעס פאַר דאָקטאָר פרויענדאָרפער? אַזוי דאַכט זיך.

די סיבה פון דער פראַגע, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין אַ צופרידענעם טאָן, איז שוין געווען די באַריכטיקונג פון היימעראָס וויזיט.

דער ריז האָט געמאַכט אַ האַסטיקע באַוועגונג און זיינס אַ האַנט האָט זיך איינגעלייגט אין אַ פויסט. הגם עס איז נישט געקומען קיין שום באַלוינונג, אַפילו נישט אין דער פאָרם פון אַ תשובה, מחמת פרוינדאָרפער איז אַריינגעפאַלן אין אַ מאָמענטאַלן און פשוט באַאומרויקנדיקן שווייגן, און זיין איינגעדאַרט פנים האָט זיך באַדעקט מיט אַש-גראָער קאָליר, האָט דאָך

וער פונק ליט געהאַט זיין פעולה.

וויטערדיקע פּאָלגן האָט מען בשעת הדחק געקאָנט אָב־סערווירן אויף לודינען, און ווייל היימעראָ איז געזעסן קעגנאיבער לודינס פּריינט איז אַליין פון זיך געקומען די מעגלעכקייט צו רעדן וועגן דער באומרויקנדיקער ענדערונג אין דעם אַדוואָקאַטס אויפפירונג, וואָס האָט וואָס אַמאָל מער אָנגעהויבן אויסזען ווי אַן אומהיימלעכער פּלאָנטער.

זינט אַ געוויסער צייט זענען אַלע היימעראָס באַאָבאַכטונגען — אַ מאָדנע זאַך — געווען נישט גינסטיק אין אינהאַלט, וואָס שייך לודינען זענען היימעראָס באַאָבאַכטונגען געווען פול מיט שנאה צו דעם אַמאָל־באַוווּנדערטן מאַן, וואָס האָט געקיניגט אין אַ נישט־דערגרייכבאַרער הויך.

וואָס האָט געקאָנט זיין די סיבה דערפון? די ירידה פון אָט דעם כלומרשט אומבאַפלעקטן מאַן, די פאַרטונקלונג פונם בילד?

די דורכשניטלעכע שפּילער פון טאָג־טעגלעכן פּראַקטישן לעבן האָבן אָפט נישט קיין אָפּגאָט, אַ חוץ דעם מאָראַלישן און גייסטיק העכערן מענטש אין זייער פאַך. בעת ער הערט אויף צו אַנטשפּרעכן זייער דהויכע פאָרשטעלונג דורך וועלכער זיי ווייניקן און דערהויבן זיך אַליין, דעמאָלט דערוועקט זיך אין זיי אַ נקמהדיקע פאַרביטערונג.

פּרוינדאָרפער איז שוין אַ לאַנגע צייט געזעסן אַליין. ער האָט זיך נישט קיין באַוועג געטון.

ווען פּרוי בלום האָט געבראַנגט מיטאָג, האָט ער עס נישט באַרירט.

מען האָט אין עטלעכע שעה אַרום די שפייזן געמוזט אויפוואַרעמען און דעמאָלט האָט ער קוים אַראָפּגעשלונגען עטלעכע ביס, און דאָס מיט עקל.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער געפילט אין זיך אַ בלייערנע שווערקייט. מיטן אָנקום פון דער נאַכט האָט ער אויפגעקאָרקעוועט אַ פלאַש שטאַרקן בראָנפן; אידערפרי איז זי געווען ליידיק. דערנאָך איז ער געשלאָפן זעכצן שעה.

שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן. עס איז אָבער געקומען דעם סטרוזשס ווייב מיט אַ געבעט, אַז ער זאָל אונ־טערוועגירן אין דער פּאָליציי וועגן באַפרייען איר מאַן.

ער האָט זי, וואָס אַן אמת איז, גוט צעמזיקט, וואָס זי קאָן באַשטעטיקן מיט די צייכנס אויפן לייב, אָבער אָן אים קאָן זי נישט ענדיקן די אַרבעט.

פּרווינדאָרפער האָט אַ ווייל געהערט איר טומלדיקע בקשה, דערנאָך האָט ער אַ געשריי געטון, אַז זי זאָל זיך אַרויסטראָגן צו אַלדי רוחות און ער האָט זי נאָכגעיאָגט ביז צו די טרעפּ. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז געווען צופרידן וואָס ער האָט געקאָנט אויסלאַדעווען זיין צאָרן. עס זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן די שכנים פון הויז.

מען האָט געקאָנט רעכענען, אַז זיין ערשטער און פלינק־סטער שריט וועט זיין גיין צום פּראָפעסאָר וויטעברעכט, כדי צו פאַרזיכערן, צי דאָס, וואָס היימעראָ האָט דערציילט איז אמת.

אפשר האָט ער געטראַכט דערוועגן, אפשר האָט עס אים געטריבן דאָס צו טון.

אָבער דעם באַשלוס האָט ער אָפּגעלייגט פון שעה צו שעה, פון טאָג צו טאָג.

דער סוף, ער האָט גאָרנישט געטון.

ער האָט אַוודאי מורא געהאַט פאַר דער גאַנצער זיכער־קייט. עס האָט געטראָפן, צו דער שווייגנדיקער צופרידנקייט פון הער שמידט, אַז ער זאָל אָנטון שיך מיט כאָלעוועס, אַ ריינעם קאָלנער און אַ פרישן מאַנטל; אָבער ער האָט זיך באַגנוגנט בלויז מיטן אָנטון.

דאָס האָט אים שוין געקאָסט גענוג אָנשטרענגונג. אין דער לעצטער רגע האָט ער געהאַט אַ מינע אויפן פּנים, ווי עמיצער וואָלט אים פאַרלייגט אַ פּעטליע אויפן האַלז און זי פאַמעלעך צוזאַמענגעצויגן.

אונטער זיינע געדיכטע ברעמען איז פאָרגעקומען אַ צי־טערדיקער קאַמף פון דער דיקער הויט. יעדע רגע האָבן זייגע

גרויסע הענט זיך איינגעלייגט אין פויסטן.

אין איינעם אַ טאָג האָט זיך הער שמידט אויסגעצויגן אויפן טיש מיט צעשפרייטע פיסלעך.

דאָס איז געווען אַ מין אייגנאַרטיקער צייכן פון גנאָד, אויב מען האָט אים דאָס געלאָזט טון, אָדער מען האָט אים ווײַ־ביקסטנס נישט געשטערט דערין; און הער שמידט האָט פאַר־שטאַנען אַז מען האָט צו אים אַ באַזונדער סימפּאַטיע און מען הויבט אויף זיין קליינטשיקע פערזאָן און ער האָט נישט אַראָפּ־גענומען זיינע בליקן פון זיין הער, וואָס איז פּשוט צעשוווּמען אין פאַרהערלעכן אים.

פּרוינבדאָרפער, מיט אַ גראָבע ציגאַר אין די מויל־ווינקלען, מיט איין פאַרמרוזשעט אויג, מיטן צווייטן האַלב פאַרשלעפערט און האַלב בייז אויפגעעפנט, האָט מיט אַ גלאָז ערשט־אָפּגעקאָכטן, הייסן פּונטש געהאַלטן אַזאַ רעדע:

מען דאַרף גיין צו דעמדאָזיקן דאָקטאָר, הער שמידט, מיר דאַרפן עס טון. לאָמיר זאָגן: איבערמאָרגן. מען דאַרף מער נישט ווייטער אָפּלייגן. אָבער איך זע, אַז מיר הויבן זיך ווי־דער אָן צו שרעקן. אונזער גייסטיקער מעכאַניזם ווייזט אָן ערנסטן פעלער; איך וואָלט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ קרענק. עס איז ווי אַ מין פאַרשפּעטיקטער קראַמף. נאָר נישט קיין שום פאַרענדיקטע פאַקטן, דאָס איז דאָך שטענדיק געווען אונזער דע־וויז, נישט אמת, הער שמידט? אַ זאַך, וואָס מען קאָן נישט אָפּלייגן, איז שטענדיק געווען אונזער ערגסטער שונא. איך זע, אַז איר זענט מיט מיר פולשטענדיק מסכּים.

בראַוואָ, הער שמידט, אייער אינטעליגענץ מאַכט פאַרשריט. דאָס, וואָס מען קאָן נישט אָפּרופן, איז אַזוי פּרוכטבאַר, ווי דער טויט.

אַ חוץ דאָס, וואָס איז נישט אָפּרופלעך, איז זי שוין נישטאָ אָן פרייד, אָן סימן פון פרייד, אָן שאָטן פון מעג־לעכקייטן צו אַ באַליידיקונג. מיר מוזן זיך רעכענען דערמיט, הער שמידט.

מיר מוזן זיך לויט דעם איינאָרדנען. אַכטונג, ווען די ראַמ־

פע איז פאַרמאַכט. עס דאַכט זיך מיר, ווי מען וואָלט אייך געזאָגט: זייט זיך מטריח צום היצעל.

איר וועט דאָרט געפינען אַ גיכן, ווילן סוף אָן ווייטיק. יאָ עס גייט אייך שלעכט ביים אַלטן פּרוינדאָרפער, אָבער צי דערפאַר וואַרפט איר זיך פרייווילליק אַריין אין דער נישט-אָפּרופבאַרקייט?

הגם דער פאַרגלייך מיטן היצעל ווייזט אייך אַוודאי אויס צו גוזמהדיק, צו ברוטאַל, בעט איך דאָך אַ טראַכט צו טון: וואָס ווייטער? דערדאָזיקער „ווייטער” ? הייסט, אַז עפּעס מוז געשען. אַ ווייטערדיקער פעלער אין מעכאַניזם, אַ ווייטערדיקע אומריכטיקייט.

אָך, הער שמידט, וואָס פאַר אַ שווערע זאַכן דערוואַרטן אונז. קודם-כל מוזן מיר באַקאַנט ווערן אין די נייע אויפטוען פון אונזער פריינט. איר קענט אים דעם פריינט.

אָבער צוליב דעם טאָרן מיר אָבער נישט אַרויסלאָזן אונזערע געדאַנקען פון דער שטייג. לאָמיר צופרידן זיין, וואָס זיי זענען פאַרבאָרגן. מיר טאָרן נישט האָבן קיין אילוזיעס, הער שמידט, דאָ הויבט אָן די זאַך אַרויסצוגעבן אַ טשאַד, לאָמיר אָנשטעלן אַן אומשולדיקע מינע און ווען עמיצער וועט צופעליק אָנקלינגען און ער וועט זיך ווייזן אויף דער שוועל, לאָמיר זיין העפלעך, הער שמידט, איך פאַרלאַנג עס; איך דערוואַרט עס לויט דיין דערציונגט, קוק אים שטאַרק און אָפן אין די אויגן; זאָל ער נישט באַמערקן די אומאָרדנונג אין אונזער מעכאַניזם; לאָמיר אָפּריכטן די שיינע צניעות פון דיססימולאַציע. נישט אמת?

הער שמידט האָט ענערגיש געדרייט מיטן ווידל. פּרוינדאָרפער האָט גיריק אַ שלוק געטון פון גלאָז און אַ צמאָצקע געטון.

— איך האָב אָבער מורא, אַז ער וועט זיך אַזוי שנעל נישט ווייזן ביי אונז — האָט ער געצויגן מיט אַ ביי זער, אַוטאָמעטיקער מינע און מיט אַ שלעפעריק-סקריפּנדיקער שטים? מיר האָבן געגנוג צייט צו פאַרשטעלן זיך. עס קאָן אויך זיין, אַז מיר

וועלן נאָך אַפּילו צושרייבן אַ נײַ קאַפּיטל צו אונזערע געשיכ־
טע פון די מענטשלעכע שטותים, הגם צווישן אונז גערעדט,
הער שמידט, איז דידאָזיקע גאַנצע שרײַבערײַ נישט ווערט קיין
צעבראָכענעם גראָשן. מען שרײַבט שטענדיק דאָס, וואָס אַ צווײ־
טער האָט שוין בעסער אָנגעשריבן. יאָ, יאָ, מיר צווײפלען נישט
דערין.

מיר האָבן נישט קיין סיבה צו עגמת־נפש, אויב די אוי־
קאַלאַסן און דיסקאָלאָסן וועלן אונז צושטעלן מאַטעריאַלן צו די
ווײַטערדיקע קאַפּיטלען.

איבעריקנס, האָט איר נעכטן געהערט, וואָס אײַערנעכטן
האָט דערציילט דער דאָרער אַדוואָקאַטישער הערינג? אַ חוץ
דעם, איז עס נישט קיין איבעריק סימפּאַטישע זאַך, אַז איר
זאָלט זיך צעלייגן אויפן טיש, הער שמידט. איך טראָג עס אי־
בער, ווייל איך בין צו פויל אייך צו באַשטראָפן. זאָל ער זיך
ליגן. זאָל עס זײַן ווי עס איז געגאַנגען, הער שמידט, ביז צום
אָפּרופן.

זײַן גאָמבע איז געפאַלן אויף דער ברוסט. פּראָווינדאַרפער
האָט אַ שטויס געטון מיטן פוס אין טיש און אומגעדרייט אַ
ליידיק גלאָז.

הער שמידט איז אויך אײַנגעשלאָפן.

נישט אָן שוועריקייטן האָט זיך לודינען איינגעגעבן צו לאָזן אין באַוועגונג פינף הונדערט מיליאָן קראָן, וואָס האָבן געזאָלט זיין די קאַפּיטאַלן פון דער פילם-געזעלשאַפט. די שוועריקייטן זענען געקומען, אַנהויבנדיק פון דערליידיקן די נויטיקע פאָרמאַליטעטן, פון רעיעגטאַלן אַקט ביז צו דער אַסיגנאַציע און עפּענען אַ קאָנטאָ.

דריי מאָל האָט לודוויגאַ דערקום געענדערט איר באַשלוס בנוגע אויסקלויבן אַ באַנק, שטיצנדיק זיך אויף קינדערישע טענות.

צום סוף האָט זי, נישט געקוקט אויף לודינס קעגן-מיינונג, זיך אָנטשלאָסן אייף עפּעס אַ נישטיקן אינסטיטוט, ווייל די פּערזאָן פון דירעקטאָר האָט איר געפאַלן.

דעמדאָזיקן מענטש האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרבלענדן די אויגן און זי צוגעוווּנען, צוזאָגנדיק אומגעווייגלעך-הויכע פּראָצענטער, הגם פון דער צווייטער זייט איז איר, ווי זי האָט אַליין מודה געווען, נישט שטאַרק געגאַנגען אין פּראָצענט, ווייל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָוועקגעבן געלט און נישט וועגן אַריינלייגן.

איר פאַרשווענדערישקייט מיט געלט איז געווען אַ דערשטוינענדיקע.

איינמאָל, זייענדיק אין אַ שלעכטער שטימונג, האָט זי מיט איינמאָל באַשטעלט גאַנצע פיר טואַלעטן, נישט טראַכטנדיק אַפילו וועגן באַצאָלן.

איר שלאָפצימער האָט געווימלט מיט נישטבאַצאָלטע רעכ-

בונגען ; אין דעם פּרט האָט בריגידע האַרטמאַן גאָרנישט מגזם געווען.

נישט געקוקט אויף איר פאַרשווינדערישער ווירטשאַפט האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן זי געהאַלטן פאַר אַ געלט-גייציקע און האָבן נישט געגלויבט, אַז זי האָט כּלומרשט פּייגע די מטבעה.

צו לודינען זענען דערגאַנגען פאַרשידענע ידיעות. מען האָט אים דערציילט, אַז זי האָט געשפּילט אויף גרויסע סומען געלט. אַ סך מענטשן זענען געווען צופרידן, וואָס זיי קאָנען אים אונטערטראָגן פאַרשידענע נייעסן און פּליאָטקעס וועגן דער אַקטיאָרקע.

לויט ווי עס פירט זיך אין ענלעכע ענינים, האָט די באַנק-קאָנטאָ געדאַרפט באַשטימט ווערן אויפן נאָמען פון דער געזעלשאַפט.

קעגן דעם האָט זיך אָבער אַנטקעגנגעשטעלט לודוויגאַ. קודם-כל האָט זי געטענהט, אַז דאָס וועט האַמעווען די פרייהייט פון דער טעטיקייט, זי מוז באַקומען דאָס אומבאַגרענעצטע רעכט צו פאַרוואַלטן, אויב די גאַנצע אונטערנעמונג וויל האָבן אַ זין.

ווייטער האָט זי אָנגעוויזן, אַז ביז די געזעלשאַפט וועט זיך קאָנסטיטוירן, ביז מען וועט קריגן אַן אַמטלעכע קאָנצעסיע, ביז די סטאַטוטן וועלן באַשטעטיקט ווערן און ביז דער אויפזיכטס-ראַט וועט אויסגעקליבן ווערן א. ד. ג. וועט דויערן אַ געוויסע צייט, אין וועלכער זי וועט מוזן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט.

לודין האָט איר אויפגעקלערט דידאַקטיקע אַלע יורידישע פּליכטן, און שמועסנדיק ווייטער מיט איר, האָט ער געמוזט אָפּוואַרפן די אויסטערלישסטע פּראָיעקטן.

לודוויגאַ איז צופיל געווען פאַרזונקען אין חובות, אַז מען זאָל זי קאָנען מאַכן פאַר דער אייגנטימערין פון דער קאָנטאָ ; אויך ערנעפאָלדט האָט נישט געקאָנט אַריינגענומען ווערן אין חשבון.

ערנעפּאָלדט, וואָס זיין געלט-סיטואַציע — וועגן וועלכער
לודין האָט געוווּסט — איז געווען אַ פאַרצווייפלטע, שוין נישט
רעדנדיק וועגן זיין פּראַקטישער אומפעיִקייט.
צום סוף, ווען לודין האָט נאָך פאַרלוירן דעם רעקלאַמע-
פּירשט, אָרטעלי, וועלכן ער האָט אָפּן און צווישן לודוויגאַס-
אומגעדולדיקע פּראָטעסטן אָנגערופן היִנער-הונט, האָט מען גע-
פונען אַן אויסוועג: די רעכט פון אונטערשרייבן האָט מען אי-
בערגעגעבן מאַיאַ ערנעפּאָלדט.
מאָדנע איז אָבער געווען דאָס, וואָס מאַיאַ האָט אַפילו
נישט געוואָלט הערן דערפון. זי האָט נישט אָנגעגעבן קיין גע
נויע אָפּזאָג-מאָטיוון. זי האָט בלויז דערקלערט, — און מען האָט
איר געדאַרפט גלויבן, — אַז געלט איז פאַר איר די מיאוסטע
זאַך אויף דער וועלט; אויב מען וועט זי אַריינמישן אין געלט-
ענינים, וועט זי אַנטלויפן.
אויף איר האַלטונג האָט, ווי עס האָט אויסגעוויזן, געמוזט
האָבן אַן איינפלוס עפּעס אַ פּחד, וואָס זי האָט זיך באַמיט צו
פאַרבאָרגן, און וואָס איז אָבער נישט געקוקט אויף איר ליבע
צו דער פריינדין, אויסגעבראָכן מיט כּוח, ווען לודוויגאַ האָט,
אין אָנהויב דעליקאַט און דערנאָך מיט צאָרן, זי געטריבן אָנ-
צונעמען דעם פאָרשלאַג.
אַזוי ווי אַלע געפיל-פּראָצעסן האָבן זיך אומגעוויינלעך-
האַסטיק אָפּגעשפּילט אין איר, האָט מען נאָכדעם ווי זי האָט
מסכּים געווען, געמוזט זיך אומגיין מיט איר ווי מיט אַ קראַנקער
און זי אַריינלייגן אין בעט אין אַ טונקל צימער.
אין צוויי טעג אַרום האָט מען איבערגעוויזן זיבעצן טויזנט
דייטשע מאַרק אַ דייטשער באַנק-פירמע, און דאָס אויפן נאָמען
פון בערנט ערנעפּאָלדט, וועלכער איז גלייכצייטיק אַוועקגעפאָרן,
כּדי, ווי ער האָט געשריבן צו לודינען, ער זאָל אַביסל קומען
צו די כּוחות אין אויסלאַנד און איינקויפן אַפּאַראַטן. דאָס האָט
אים נישט געשטערט פריער צו באַצאָלן די צודרינגלעכסטע
בעלי-חובות, באַצאָלן פאַרלעגן דירה-געלט פון דער ווילע, קויפן
בליטנערס אַ פּאָרטעפּיאַן און גראַמאָפאָן.

אויך לודוויגאַ האָט פּלוצלינג באַשלאָסן אָפּצוצאָלן עטלעכע חובות, ווייל מען האָט איר געדראָט צו לייגן אַן אַרעסט אויף איר שכירות. יעדנפאַלס האָט עס באַטראָפן אַ סומע פון איבער פופציק-זעכציק מיליאָן.

זי האָט אָבער, הגם לודין האָט נישט געפאָדערט פון איר קיין חשבון, אָפּגעלייקנט, אַז זי זאָל האָבן גענומען געלט פון דער קאָנטאָ.

זי האָט געוווינען אין באַקאַראַט, האָט זי געטענהט מיט גרויסע בלישטשענדיקע אויגן און מיט אַ טאָן פון קינדערישער דאַנקבאַרקייט.

לודינען איז נישט איינגעפאַלן אַ פּאַרש צו טון. ווי ער האָט זיך אַליין אויסגעדריקט, האָט ער געשטעלט אַ מצבה אויף דעמדאָזיקן געלט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז, אָנשטאָט צו דער אינהאַבערין פון דער קאָנטאָ, צו אים, צוליב אַ טעות פון דער באַנק-אָפּטיילונג, אָנגעקומען אַ מיטטיילונג, אַז מען האָט ווייטער אָפּגענומען אַ סומע געלט.

דאָס איז געווען אַזאַ סומע געלט, וואָס איז גענוג געווען צו דעקן לודוויגאַס חובות. ער האָט דאָס צעטל פון דער באַנק אָפּגעשיקט צו מאַיאַן.

אנאַנימע בריוו מיט זידלערייען און באַליידיקונגען זענען איצט געוואָרן אַ שטענדיקע ביילאַגע צו זיינע ענינים. מיט דער-זעלבער פּאָסט, וואָס האָט אים כסדר געבראַכט ידיעות, אַז מען האָלט אין איין אַרויסנעמען געלט פון דער באַנק, איז איצט אָנגעקומען אַזאַ בריוו:

„אויב איר מיינט, אַז דערקומס אַדיוטאַנט איז אַוועק-געפאָרן, כּדי צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן, צוליב וועלכן איר האָט יענע לייט צוגעוואָרפן אַ שיינע מטבע, האָט איר במחילה אַ גרויסן טעות. מיר אין טעאַטער ווייסן, ווי די זאַך זעט אויס. הייסט ברענגען זוך ידיעות, וויפיל דאָס נידריקע ווינקל-אַדוואָקאַטל ק. מ. און דער נאָכמער ווינקל-דאָקטאָר ר. ל. האָבן באַקומען דערפאַר, וואָס דער

אומגליקליכער ארנאָלד קעלער שמאַכט אַלץ ווייטער אין משוגעים-הויז.

אַ וואָרנער.

דאָס בריוול איז געוואָרפן געוואָרן אין קויש אַריין.

דעם „פונקט", וואָס לודין — כּדי צו רעדן מיט זיין שפּראַך — האָט געפינען אין אַלטאַכערס בריוו מיט מאַיאַן און וואָס שטיצנדיק זיך אויף אים, האָט ער בדעה געהאַט געריכט־לעך אַרויסצוטרעטן קעגן קאָנסטאַנציען, איז אים לכתּחילה צו־נוץ געקומען אַלס מאַטעריאַל פאַר אַ קאָנטערווערסיע מיטן אַד־וואָקאַט דאַוויד קערקאָוועץ.

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פאַסירונג מיט צוויי יאָר צוריק.

עדמונד אַלטאַכער האָט נאָך זיין מוטערס טויט צווישן אַנדערע ווערטפולע זאַכן באַקומען אין ירושה אַן אַלטע, מיט טייערע שטיינער באַזעצטע מיניאַטור.

דאָסדאָזיקע קונסט־ווערק האָט אים שטאַרק געפאַלן און ער האָט באַשלאָסן אָוועקצושענקען עס זיין פריינט מאַיאַן, וועלכן ער האָט עס טאַקע אַוועקגעגעבן און וואָס האָט זיך שטאַרק אַנציקט דערמיט.

אין דער ראַם, וואָס איז געווען באַזעצט מיט דימאַנטן, האָבן אָבער געפעלט עטלעכע שטיינדלעך, און ער האָט עס אַוועקגעגעבן זיין יובילער, ער זאָל די פעלנדיקע דימאַנטלעך אַריינשטעלן.

קאָנסטאַנציע האָט זיך דערוווּסט דערוועגן און עטלעכע טעג שפּעטער איז זי אַוועק צום יובילער און פאַרלאַנגט די פאַר־ריכטע מיניאַטור, פונקט ווי זי וואָלט געקומען אין מאַנס נאָמען. דער יובילער, וואָס האָט זי געקאָנט, האָט איר די מינ־יאַטור גלייך געגעבן.

האָבנדיק עס בײַ זיך, האָט זי נישט געמאַכט קײן סוד, ווי אַזוי זי האָט די זאַך אַרויסגעקריגן און זי האָט זיך קאַטע־גאָריש אָפּגעזאָגט אָפּצוגעבן די מיניאַטור.

זי האָט געטענהט, אַז די זאַך איז אַ פֿאַמיליען־אייגנטום און דאַרף זיך געפֿינען אין שטוב אַלס פּיעטעטפֿולער קעגנשטאַנד און ער האָט נישט קײן שום רעכט עס אַוועקצונעמען בײַ דער פֿאַמיליע.

נישט ווילנדיק אַוועקשטעלן דעם ענין אויפֿן שפּיץ מעסער, איז ער אָפּגעטרעטן. באַלד האָט ער אין אַ בריוו צו מאַיאַן, גע־שריבן פֿון אויסלאַנד, מיטגעטײלט, וואָס עס איז געשען פֿאַר קאָנסטאַנציעס אַרײַנמישן זיך האָט ער געפֿינען די אויסטײטשונג, אַז צוליב זײַן נאַכלעסיקייט אין אַזעלכע זאַכן, האָט זיך איר וואַרשײַנלעך, אײַנגעגעבן צו קריגן אין אירע הענט אַרײַן און איבערלײענען אײנעם פֿון זײַנע פֿריערדיקע בריוו צו מאַיאַן, אין וועלכן עס איז געווען אַ רייד וועגן דער מיניאַטור. ער און מאַיאַ האָבן דעמאָלט אָפּט געשריבן אײנער צום אַנדערן.

אין דערדאָזיקער האַנדלונג פֿון קאָנסטאַנציע אַלטאַכער האָט לודין אײַנגעזען אַ נישט־רעכטלעכע צואייגנונג פֿון אַ ירושה־זאַך, וואָס האָט געהערט צו אים. דערויף איז פֿאַראַן אַ דאָקומענט: דער בריוו.

נישט צושרײַבנדיק דעם פֿאַקט גופֿא קײן גרויסע באַדײַ־טונג, וואָס וואָלט געווען אַ טאַקטישער פֿעלער, האָט ער אים אָבער געמאַכט אין פֿאַר־געריכטלעכע דיסקוסיעס מיט קערקאָוועץ אַלס פּסיכאָלאָגישן פֿונדאַמענט פֿון דער אָנקלאַגע אַרויסצוגעבן דעם לעגאַט, אַן אָנקלאַגע, וואָס האָט נישט געהאַט קײן אויס־זיכטן. עס האָט געהאַט די תּביעה פֿון צד שכּנגד צוריקצוגעבן די געלט־אויסגאַבן, וואָס אַלטאַכער האָט געמאַכט פֿאַר דער פֿאַ־מיליע ערנפֿעלדס.

דער גאַנצער ענין האָט באַלד פֿון אָנהויב אָן אָנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון אַ יורידישן טאַנץ צווישן אײער און הגם לודין האָט דאָ אַרויסגעוויזן עקשנות, וואָס האָט אַפֿילו געהאַט אַ נעגאַטיווע ווירקונג אויף דעם זאַמלען באַווײַזן און אויסקלײַבן

מיטלען, האָט ער זיך אויף קיין איין רגע נישט געפילט אין זיין הויט.

ער האָט געהאַט די האַלטונג פון אַ מענטש, וואָס אין אַ פאַרפּלאָנטערטן שטרייט-פאַל איז ער נישט דער פאָרשטייער פון די געריכטס-פּאָדערונגען פון איין צד, נאָר וואָס טרעט אַרויס אין קאַמף קעגן אַ שונא פון דער געזעלשאַפט, ווייל פון רע-זולטאַט פון קאַמף איז אָפּהענגיק דער גורל און די רעכט פון אַ סך מענטשן.

דאָס בילד פון דער וועלט האָט זיך אין זיינע אויגן פאַראומערט; דערויף האָט עדות געזאָגט זיין בליק, זיין טראָט, זיין עטוואָס טרויעריקער און געענדערטער ריטם פון טאָג-טעג-לעכן לעבן.

דעם דאָקטאָרס קערקאָוועץ ענטפער זענען געווען שאַרף, פול מיט אָנשטענדיקע סאַרקאַזמען, בייזוויליקע אָנצוהערענישן און באַשיידן-שפּאָטנדיקע אָנווייזונגען, וואָס האָבן לודינען אַרויס-געבראַכט פון גלייכגעוויכט.

באַלד ווי ער האָט אַדורכגעלייענט די ערשטע פון דידאָ-זיקע סטיליסטיש-געשיקט אָנגעשריבענע און פערפיד-באַדייטנדיקע לעקטורן, איז ער בלאָס געוואָרן, ווי אַ לייוונט. ער האָט דייט-לעך דערפילט, אַז ער איז נישט דערוואַקסן צו אַזאַ קעגנער, אַז ער וועט נישט זיגן אין דעמדאָזיקן דועל, אין דעמדאָזיקן ענין, וואָס איז ענדער געווען די קאַטאַסטראָפע פון זיין גייסט, ווי די פליכט און אויפגאַבע פון זיין פאַך.

דערדאָזיקער ענין איז געוואָרן אַריינגעשטויסן אין אים, איינגעקריצט אין אים, ווי אַ פלעק, וועלכן עס האָט געמאַכט אויף אים אַן אומבאַקאַנטער, נישט צו וויסן ווו און אין וועלכע האַנט.

עס איז ענלעך געווען צו אַ חלום, וואָס איז געטרוימט געוואָרן אינמיטן טאָג. און דאַוויד קערקאָוועץ, דער הערָאלד פון דעם פיינטלעכן צד און דער קעגנער, האָט אַ האַלב נישט-באַ-מערקטער אַרויפגעוואָרפן אויף אים אַ שמוציקן נעפל.

צו קערקאָוויצס דריטער תשובה איז ביגעלייגט געווען

לוּדינס אַ בריוו, וואָס האָט די תשובה גורם געווען. דער לעצ־טער זאַץ פון דעמדאָזיקן, דורך לודינען דיקטירטן בריוו, איז געווען גראָב אונטערגעשטראָכן מיט אַ רויטער בלייפעדער און אויף דער לינקער ליידיקער מאַרגינעז־זייט האָבן זיך געפונען צוויי רויטע פראַגע־צייכנס. איין האַרטער, טרוקענער זאַץ האָט אַזוי געקלונגען:

„צווישן אייך און מיר קאָן נישט זיין קיין פאַר־שטענדיקונג, הער קאָלעגע, צווישן אונז איז פאַראַן אַ וועלט, אין וועלכער איך וועל נישט פריער אַריין, ביז איר וועט מיך נישט אַרויסטרייבן פון מיין וועלט."

לודין האָט אַ ציטער געטון. ער האָט דאָס נישט געזאָגט, ער האָט דאָס נישט דיקטירט. ווי אַזוי האָבן אים גע־קאָנט קומען אין קאָפּ אַזעלכע אַרויסרופן, אַזעלכע באַליידיקונגס־ווערטער, אַזאַ רימען זיך.

מיט אַ הייזעריק קול האָט ער גערופן די סעקרעטאַרקע. ער האָט קוים געקאָנט ווייזן מיט אַ פינגער אויפן בריוו. דאָס פריילין האָט נישט פאַרשטאַנען. דעמאָלט האָט ער דערפילט קראַמפּן אין האַלז און לודין האָט גענומען שרייען. צום ערשטן מאָל זינט ער האָט זיך געפונען אין דידאָזיקע צימערן, האָט מען דערהערט זיין געשריי:

— ווער האָט דאָס געשריבן? וועמען איז איינגעפאַלן אין קאָפּ אַזאַ געדאַנק? ווער איז באַגאַנגען אַזאַ אומזין, אַזאַ נאַ־רישקייט?

עס זענען געקומען צולויפן דאָקטאָר קאָפוש, דאָקטאָר היי־מערא, די קאָנציפּיענטין, שרייבער. קאָפּוש האָט עפּעס געזאָגט, באַרויקנדיק אים.

די סעקרעטאַרקע האָט געקוקט אַ דערשטוינטע.

— כ'בעט צו ווייזן דעם סטענאָגראַם, — האָט ער זיך געשליידערט.

די סעקרעטאַרקע איז געלאָפן אין הויפּט־ביוראָ. לודין איז געגאַנגען מיט ברייטע טריט הין־און־צוריק, געפּייניקט פון עפּעס אַן אומהיימלעכן כוח.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז דאָס מיידל צוריקגעקומען און שווייגנדיק אים דערלאַנגט דעם סטענאָגראַם.

דער זאַץ האָט זיך געפונען. ער האָט אים דיקטירט. ער האָט נישט געוווּסט דערפון. ער האָט אים אַרויסגערעדט אומבאַוווּסטזיניק.

ער האָט זיך אומזיכער אַרומגעקוקט. זיין שטערן איז געווען צעקנייטשט און מיט אַ מאָדנעם, טרויעריקן זעלבסט-חוזק האָט ער זיך אָנגערופן צו דיימעראָ:

— עס דאַכט זיך מיר, אַז מען דאַרף דאָ באַשטעטיקן מיין אויטענטישקייט.

מען האָט זיך באַראַטן אַ קורצע צייט. ער האָט זיך באַמיט צו פאַרענטפערן פאַר זיינע קאָלעגן. עס האָט אויסגעוויזן, אַז זיי זענען מסכּים מיט אים.

עס איז אים נישט איבערגעבליבן קיין אַנדער זאַך, ווי אַ פאָרמעלע אַנטשולדיקונג. אַ שליח האָט אַוועקגעטראָגן אַן אַנטשולדיקונגס-בריוו צו קערקאָוועצן. אין טיפער באַדויערונג האָט מען אים מיטגעטיילט, אַז דער געהילף האָט אַ צעשטרייטער אויסגעמישט דעם טעקסט פון צוויי בריוו.

אין אַ שעה אַרום האָט לודין פלוצלינג זיך געטראָפן אין קאָרידאָר פון געריכט אויג אויף אויג מיט קערקאָוועצן. ביידע זענען געווען אָנגעטון אין אַמטלעכע טאָגעס, וואָס האָט דער צונויפשטעפונג צוגעגעבן אַן אָפיציעלן און שטייפן כאַראַקטער.

זיי האָבן שטום זיך אָנגעקוקט. דערנאָך האָט לודין געגריסט.

קערקאָוועץ, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ קאָפּיע פון אַ פעטן נאַפּאָלעאָן, האָט געדאַנקט מיט קאַלטן ערנסט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס ווי אַ טריומף האָט זיך געמאָלט אויף זיין פּנים. אָבער אפשר איז ער געלבלעך געוואָרן מיט אַן אויסדרוק פון טריומף?

## XLIII

ערענפאָלט האָט טעלעגראַפירט פון בערלין: פאַר מיין אָנקומען צַהער איז אַרנאָלד קעלער באַפרייט געוואָרן פון אַנשטאַלט. ווו ער געפינט זיך דערווייל איז נישט באַקאַנט. מודיע זיין לוין.

לודין האָט געהאַלטן דעם אַלאַרם, הגם ער איז געקומען פון גאָט דעם צד, פאַר צו איבערגעטריבן, און זיין טאָן פאַר צו אַראָגאַנט. אַזוי ווי ער איז געווען אָנגעשטעקט מיט דעם סוחרישן פעדאַנטיזם, האָט ער אויסגערעכנט, וויפיל צייט ער האָט בחנם געשאָנקען די ענינים פון לודוויגאַ דעקרום. דעם גוטן ווילן, וואָס ער האָט דאָ אַריינגעלייגט, האָט פון אים נישט אַוועקגענומען דאָס געפיל, אַז ער ווערט אויסגענוצט. אַזעלכע געפילן האָבן זיך אָבער דערוועקט אין אים אין געדריקטע מאָמענטן, ווען ער האָט זיך געפרעגט מיט צער, וואָס דערפון וועט ווערן; ער האָט זיך געפילט פאַרווונדערט, פול מיט באַדויערן, איבערגעגעבן צום געמורמל פון דער וועלט. בעת לודוויגאַ האָט אים אַרויסגערופן, איז ער געגאַנגען צו איר.

אַז זי האָט באַפוילן, האָט ער געהאָרכט. אַז זי האָט געשמייכלט, האָט ער זיך געפרייט אין האַרץ. אַז זי האָט זיך באַקלאָגט, איז אים שווער געוואָרן צו אָטעמען. אַז ער האָט נאָר דערהערט איר קול, איז אים אַ לאַסט אַראָפּגעפאַלן פון האַרץ. בעת אירע ברוינע גאָלד־בלישטשענדיקע אויגן האָבן זיך געחנדלט צו אים, האָט ער זיך איבערגעגעבן מיט דער גאַנצער וועלט.

ער האָט געליינט אַלע צייטונגען, כדי צו באַגעגענען זיך מיט איר נאָמען.

די קריטישע אַרטיקלען, וואָס זענען נוגע געווען איר פּערזאָן, האָט ער אַראָפּגעשניטן און זאָרגפעלטיק באַהאַלטן, ווי אַ גימנאַזיסט, וואָס פאָרשט מיט אַ באַהאַלטענער אַנטציקונג די לעבנס-טעג פון דער פאַרגעטערטער און פון דערוויטנס באַוווּנדערטער סצעניִשער העלדין.

די פיל בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון איר, עטלעכע לידער, וואָס זענען גאַנץ נישקשהדיק אָנגעשריבן געווען מיט אַ העזהדיקער, פאַרטשעפּנדיקער שפּראַך, האָט ער באַהאַלטן, ווי אוצרות.

די געשפּרעכן מיט גלייכגילטיקע מענטשן האָט ער געקאָנט אַזוי כיטרע פירן. אַז שטענדיק זענען זיי איבערגעגאַנגען צום טעאַטער, און ווייל דער נאָמען פון לודוויגאַ דערקום האָט זיך געפונען אויף אַלעמענס ליפּן, האָט מען, פאַרשטייט זיך, זי דערמאָנט אין אַ ווייל אַרום. דעמאָלט האָט ער געשוויגן, צוהערנדיק זיך בלויז.

די ליפּן לייגן זיך צוזאַמען און אַ חוזק-שמייכל און קלוגע מענטשן קוועטשן מיט די אַקסלען. אָבער זיי זענען זיך טועה. דאָ איז נישט דאָס אָרט צו באַרימען זיך מיט דערפאַרונג, וואָס זענען אַזוי ביליק ווי באָרשט; מען קאָן זען פון צופעליקע נאָטיצן, וועגן וועלכער עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין אַזאַ מוח, וואָס פאַרטיפט און פאָרשט זיך אַליין, ווי דער מוח פון אַ לודינען, איז פעיק אָפּצוואַרפן די מיינונג, וואָס האַלטן זיין אינערלעכן מצב פאַר ווערט, מען זאָל זי אויסלאַכן און באַדויערן ווי דער מצב פון אַ סך אַנדערע געוועגלעכע פערזאָנען, פונקט ווי די לודינס וואָלטן געגליכן געוואָרן אויף שטיין, און אַ פרוי, ווי לודוויגאַ דערקום, וואָלט העכסטנס געווען אַ זאַך, וואָס געהערט צו בירגערלעכע פיינשמעקער.

אין די נאָטיצן איז אַפילו געווען אַ רייד וועגן דעם, אַז עס קאָן זיך צעברענען אַ פאַרשפּעטיקט פייער פון ליידנשאַפט און אַ מאַנספערשוין, וואָס הויבט זיך שוין אָן צו עלטערן, און הגם עס איז אויסגעשלאָסן, אַז מען קאָן איינזען אין זיך אַזאַ פאַרשפּעטיקט פייער, נאָר ווייל די אילוזיע פאַרבלענדט דעם מוח,

זענען אָבער פּאָרט נישט פֿאַראַן קיין באַווייזן, ווי מען פֿאַר־שטייט באַווייזן אין געווענלעכן זין. דער זעלטענער שטאָלץ אין אים און די ליבע צום אמת האָבן אפשר נישט דערלויבט, אַז די אילוזיע זאָל אים גענאַרן.

ווען אַ פּוסטער טרוימעריי, ווען אַן איבערגעטריבענער איינבילדונג האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. ווען דאָסדאָזיקע געפֿאַר וואָלט עקזיסטירט, און ער וואָלט באַלד אין אָנהויב דער־זען, ווי זיין טעמפּעראַמענט טרייבט דעם פּלאַם פֿאָרויס און די עטוואָס נאַיווע פֿאָרשטעלונג פֿון אַ געבילדעטן ליבעראַל וועגן די פּריסטערינס פֿון קונסט־טעמפּל וואָלט אים פֿאַרטונקלט דעם בליק, וואָלטן בלויז גענוג געווען די געשעענישן פֿון דריי טעג, אַז זיי זאָלן דאָס פּייער צעשפּרייטן, און דאָס איז אַ גענוג־לאַנגער טערמין, כּדי פֿון אַ פֿאַרערער, וואָס ליגט נאָך אין שטויב, צו מאַכן פֿאַר אַן אַדאָראַטאָר, וואָס טוצן אַזעלכע שלעפּן יעדן וואָגן פֿון טעספּיסן.

מיר געדענקען, אַז די סיבה פֿון דער אָנגעקניפּטער באַציונג צווישן לודינען און דערקום איז געווען דער מאָדנער טויט פֿון אַ יינגן מענטש. כּדי אַ סוף צומאַכן פֿון די אומעטיקע נאָכ־טראַכטענישן פֿון זיין פֿריינט, דעם זעלבסטמערדערס פֿאָטער, כּדי איינצוהאַלטן זיין צאָרן, וואָס איז געווען געווענדעט אויף אַלע מענטשלעכע מעלות פֿון גייסט און האַרץ, און כּדי איינ־צושטילן דעם אייגענעם פּייניקנדיקן אומרו, איז ער, ווי ער וואָלט געהאַנדלט אונטער אַ העכערן באפֿעל, אַריינגעטרעטן אינם קרייז פֿון דערדאָזיקער פֿרוי.

זי האָט אים גערן געגעבן ידיעות, מען האָט נישט געדאַרפֿט בעסער און מער זוכן. אַן איינפֿאַכע געשיכטע. אַ צו איינפֿאַכע געשיכטע, אויב מען קוקט זיך נענטער צו.

האָט ער געגלויבט אין איר? האָט ער נישט געהאַט קיין שום פֿאַרדאַכט? האָט ער אָנגענומען איר A ביז Z פֿאַר אַ גוטע מטבע? עס איז שווער צו זאָגן. אָבער וואַרשיינלעך וואָלטן מיר באַגאַנגען אַן עולה קעגן דעם רייפֿן יוריסט, אָננעמענדיק, אַז נעבן זיין אויסערגעווענלעכער העפֿלעכקייט, סיי ביי דער

ערשטער צענויפטרעפונג און בעת די ווייטערדיקע וויזיטן, זענען נישט געווען קיין ספקות, וואָס זענען געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט זיין טעטיקייט און וואָס זענען איצט וואָס אַמאָל מער גע־וואַקסן. געוויס טאָר מען נישט פאַרגעסן, אַז שוין בעת דער ערשטער צונויפטרעפונג האָט ער זיך געפונען אונטערן איינ־דרוק פון דער שרעקלעכער טאַט אָדער פון קרבן און אַז דער־דאָזיקער איינדרוק איז נישט בלויז שוואַכער געוואָרן, נאָר פון רגע צו רגע, פון טאָג צו טאָג, פון איין צונויפטרעפונג ביז דער צווייטער איז ער כסדר געוואַקסן, געוואָרן שטאַרקער און דויער־לעכער, די געוואַלט־טאַט האָט זיך כסדר איינגעגראָבן אין זיין באַשיידענער נאַטור, וועלכער אַ פרעמדע העכערע קראַפט האָט געצוווּנגען צו זיין איינגעהאַלטן, אַרויסצווייזן אַכטונג און אַפילו שעמעוודיק און אומדרייסט.

דערנאָך האָט מען פון אַלע זייטן אָנגעהויבן צו מורמלען. זינט צוואַנציק יאָר האָט ער אומאויפהערלעך איינגעאָטעמט דעם שטויב פון רכילות.

די פלוידערייען פון מענטשן קעגן מענטשן, וואָס איז דאָך געווען זיין פאַך, האָט שוין לאַנג פאַרוואַנדלט דאָס גאַנצע לעבן אין אַ שמוציקן זומפּ און זייער קאָנדענירטער סם איז שוין לאַנג אַריינגעדרינגען אינם תוך־התוכן פון פריוואַטן־לעבן, אויב אַזעלכעס האָט נאָך עקזיסטירט.

פיל ערגער איז אָבער געווען דער פאַרראַט, וואָס לודוויגא איז באַגאַנגען קעגן זיך אַליין; דערדאָזיקער, ציניש־לאַכנדיקער פאַרראַט, וועלכער איז געווען אין שכנות מיט אַ טעמפּן זכרון, נייגעריקייט, חוצפּה און אַרויסרופן אַ זאַך נישט צו פאַרשטיין. פאַרוואָס האָט זי זיך דאָס דערלויבט, פאַרוואָס האָט זי נישט געטראַכט וועגן זיין כבוד און אַכטונג? פאַרוואָס? ווי זי וואָלט אויף ס'מינדסטע נישט געשאַנעוועט זיך אַליין, נישט דרך־ארץ געהאַט פאַר דעם כישופדיקן, געטלעכן שורש פון איר נשמה, ווי דאָס וואָלט דערלויבט געווען צוצעטרעטן מיט די פיס, ווי זי וואָלט זיך באַנוגנט מיט דער געגוגנדיקער צאָל לויב־ווערטער, מיט די ציַיטונגס־אַרטיקלען און מיט דעם שכירות

נישט בלויז דאָס אַליין האָט אים טרויעריק געמאַכט, האָט אים אַריינגעבערענגט אין אַ באַזונדערן מין פאַרטראַכטקייט, האָט אים געמאַכט וואַקלענדיק אין לעבן און אין דער גאַנצער עק־זיסטענץ.

דאָס פאַרשטיין ליגנט און דאָס וויסן ליגנט זענען נישט קיין שלעכטע זאַכן, מיינע טייערע, צאָל־רייכע פריינט און דו, פּיאַ, און איר, מיינע טעכטער, און דו, קליינער זון, עס מאַכט אונז נישט פאַרלוירן, הגם דער ליגנט מוז אונז אַזוי פאַרפלאָנ־טערן, אַז מיר ווערן חוי אַ טייל פון אים; שלעכט איז, ווען מיר געבן זיך אים אונטער מיט ספקות, וואָס טוט אונז פאַרשפּינען מיט אַ כיטרער פוילקייט, פאַרוועבט אונז מיט אַ פאָדעם, נאָך אַ פאָדעם. גאָט, נעם אונז אַרויס פון דעמדאָזיקן אומגליק.

ליגנט איז, ווען זי זאָגט: איך בין געווען אין קאַפּע. בעת זי איז גאָר געווען אויף דער מאָדע־אויסשטעלונג.

ליגנט איז, ווען זי זאָגט: איך בין געווען אויף דער מאָ־דע־אויסשטעלונג. בעת זי האָט גאָר געמאַכט אַן אויטאָמאָביל־שפּאַ־ציר מיט עפּעס אַ בחור, וועלכן זי האָט געפאַנגען.

זי זאָגט ליגנט, ווען זי זאָגט, אַז אויף דער גאַס האָט אַ מענטש געפּאַטש אַ מענטש: עס איז בלויז געווען אַ נישטיקער ווערטער־אויסטויש. ביינאַכט איז איר נישט גוט געוואָרן, זי האָט געמוזט רופן אַ דאָקטאָר: ליגנט. זי האָט געלייענט אַן אינטער־סאַנטן ראָמאַן, טראַכטנדיק וועגן דעם, און יענעם. ליגנט: זי האָט נישט געהאַט קיין געדולד איבערצולייענען אַנדערהאַלבן זייטלך פון אַ בריוו, און איצט ערשט גאָר אַ בוך. מען האָט איר פאָרגעלייגט שפּילן אין אַמעריקע. קיין וואָרט נישט אמת. דעם פלאַטינענעם רינג מיטן שמאַראַגד, וואָס זי טראָגט אויפן פינגער, האָט זי גערשנט פון דער באָבען: אמתער שווינדל. איר באָבע איז געווען אַ וועשין אין אַלאָמונק.

לודוויגאַ האָט דערציילט וועגן איר משפחה: ניין קינדער, אַלע שוואַכלעכע, אין משך פון דריי יאָר האָט דער טויט צו־גענומען דריי פון זיי. דער פאָטער, אַן אומגעוועגלעכער פעיקער אינזשיניר פון בריקן־בוי, האָט ווערנדיק פאַרפאָלגט פון אַן אומ־

רחמנותדיקן פיינט, פאַרלוירן דעם אַמט, די קאַריערע און דאָס ברויט, און ער האָט אָנגעהויבן זוכן פרייד אין אַלקאָהאָל. די מוטער, אַמאָל אַ באַרימטע טענצערין אין גאַנץ אייראָפּע, אַן אומגעווענלעך שיינע פרוי, איז געשאָסן געוואָרן אויף דער אָפענער בינע דורך אַ פאַרברעכער, און איז געבליבן אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן.

דאָס אַלץ איז געווען אויסגעזויגן פון פינגער. אין עטלעכע טעג שפעטער האָט זי געזאָגט, אַז דער פאָטער איז געווען אַ צירק-אייגנטימער און די מוטער אַלס געבוירענע באַראָנעסע, שיכטנפעלז, אָדער עפעס ענלעכס.

קיין שום געשעעניש, וואָס זי דערציילט פון איר פאַרגאַנגענהייט, אַפילו ווען מען איז נאָענט צו איר, איז נישט אמת. אַז זי מוז צוליב עפעס אַ נישטיקער סיבה, ווי, למשל, אַ נייעם פאַספאָרט, אַ פאַרלוירענער מעטריקע, אָפגעבן דאָס געבוירן-אָרט, וואָס ביז-אַהער האָט זי דערציילט, אַז עס איז אַ פּרעכטיקע שטאָט, און נישט עפעס אַ מיאוס דאָרף, אין וועלכן איר וויגל איז באמת געשטאַנען, דעמאָלט מוז זי אַליין זיך מודה זיין אין ליגנט, און זי טוט עס מיט דעם חן פון אַ נימפע, וואָס האָט קיינמאָל נישט באַפלעקט אירע ליפן מיט נישט-אמתע ווערטער, און מיט אַ שמייכל, זי וואָלט מוחל געווען אַנדערע, וואָס האָבן איר אַ פינף מינוט געגלויבט.

זי האָט געזאָגט שקרים אין הערלעכע ערטער, ווו עס איז שווער געווען זי צו כאַפּן אויפן הייסן פּונקט. גאָט און גלויבן באַוווינען איר האַרץ; מיט פייער פון איבערגעגעבנקייט רעדט זי וועגן די הייליקע סעקראַמענטן ודוים און קאָמוניעס; זי פאַלט אויף די פליטן פון טרעפּן און, ווו עס טוען איטאַליענערינס, באַהאַלט זי דאָס פּנים אין אירע ברייט-אויסגעצויגענע אָרעמס. אויפן ראָג גאַס גיט זי אַ נדבה; מאַכנדיק אַ צוואַנציק טריט, קערט זי זיך אום און גיט נאָכאַמאָל; זי האָט געגעבן צו ווייניק, זי איז געווען צעשטרייט און האָט נישט באַמערקט.

זי הויבט שטאַרק אויף די אויגן; אויב רחמנות קאָן זיך פאַרקערפּערן איז זי די פאַרקערפּערונג.

די ליידן פון דער וועלט דרינגען אין איר אַריין ביז צו דער טיפעניש און נעמט איר אָפּ דעם שלאָף. ערשט נעכטן איז זי אָבער געווען די שטיינערנע סטאַטוע פון גלייכגילטיקייט, בעת די קליינע מאַרקמאַן איז וויינענדיק געשטאַנען הינטער דער טיר פון איר גאַרדעראָב, ווייל די באַרימטע און אַלמעכטיקע לודוויגאַ דערקום האָט אָן סיבה אָן דערקלערונג, נאָר בלויז פון דער טויבער שנאה פון פרוי צו פרוי, נישט געוואָלט שפּילן מיט איר אַלס פּאַרטנערקע. איז זי פּאַר איינטיילן די אוצרות פון דער ערד.

די קאָמוניסטישע אידייע געפעלט איר זייער און פאַרכישופט זי און עס איז נישטאָ קיין שיטה, וואָס זאָל נישט זיין באַרעכטיקט אין אירע אויגן צוליב דעמדאָזיקן מענטשלעכן טרוים; דאָס שטערט איר אָבער נישט אייביק צו זיין אויסגעהונגערט נאָך גאָלד און זייד, נאָך בראָקאַטן און האַפטן; עס שטערט איר נישט, אַז זי זאָל אָן שכל זיך וואַרפן מיט געלט און יעדע שלעכטע שטימונג און יעדע איידעלע געפילס-רירונג זאָל זי דערטרינקען אין שאַמפּאַניער און פון דער העלדישער טאַט פון שאַרלאָטע קאָרדיי האָט זי בדעה צו מאַכן אַ סענסאַציאָנעלן פילם.

אָבער געוויס ווייסט זי וועגן שאַרלאָטע קאָרדיי כמעט ווי גאָרנישט. עפּעס אַ ליטעראַט האָט איר געמוזט געבן אַ טעמע.

ווי זי איז באַגייסטערט פון פריינטשאַפט; די האַרציקסטע פאַרזיכערונג, די פייערדיקסטע שבועות רירן דאָס האַרץ פון דעם, וואָס דערנענטערט זיך צו איר, וואָס געפעלט איר; מעג עס זיין אַ מאַן אָדער אַ פרוי. עס קאָן זיין, אַז אין פיראונצוואַנציק שעה אַרום וועט זי פאַרבייגיין נעבן דערזעלבער פערזאָן און נישט גריסן, ווייל זי געדענקט נישט ווער דאָס איז.

אין איר לעבן האָבן געשפּילט אַ ראָל עטלעכע פרויען און עטלעכע מענער; אין דידאָזיקע האָט זי אירס אַ ספּעציפישן גלויבן, אַן אומנאָרמאַלע דאַנקבאַרקייט, וואָס באַשטייט על-פּי-רוב דערין, וואָס די געגעבענע פערזאָן רעזיגנירט לגבי איר פון יעדן סימן פון אַן אייגענעם ווילן, און איז ווי אַ זאַך, וואָס שטייט צו איר דינסט, וויפיל מאָל זי פאָדערט עס, און פאַרטרייבט איר

לאַנגווייל שטילט איין איר צאָרן און אויב זי פֿאַרלאַנגט, מוז ער זיך לאָזן מאַלטרעטירן.

מיטן רוב פֿון אירע געליבטע באַגייט זי זיך, ווי מיט איבריקע שמאָכטעס, וואָס זי וואַרפֿט אַמאָל אַרויס פֿון איר שופֿלאָד, כּדי צומאַכן פּלאַץ פֿאַר נייע שמאָכטעס. דאָס און יענץ קומען אַמאָל צונוץ, פֿילן אויס איר פּוסטקייט, פֿאַרזיסן די ביטערע שעהן, באַפֿרידיקן אַ קאַפּריז, אָדער אַ גלוסטונג, אַן אומגעדולדיקייט פֿון קערפּער. אָן שום פּרעטענזיעס.

אַ ווילדע ליבעס-נאַכט: צומאָרגנס ווערט ער אַן אבסאָלוט פֿרעמדער מאַן.

וועגן דעם אַלעם דאָט לודין געוווּסט, האָט עס דערקענט, אויסגעפֿאָרשט, אָפּגעפֿילט, האָט שווייגנדיק אַוועקגעשטעלט זיינע באַאָבאַכטונגען און זיי סומירט אָן אילוזיעס.

און אויך אים האָט זי געשווירן פֿריינטשאַפֿט, אייביקע פֿריינטשאַפֿט.

אין איבערפֿלוס פֿון דאַנקבאַרקייט און פֿון כּמעט קנעכטישער צוגעבונדנקייט איז זי אַפֿילו דערגאַנגען צו דער דערקלערונג, אַז זי גיט אים אַוועק דאָס האַרץ אויף אייביק און ערשט זינט דעמאָלט, ווען זי האָט אים דערקענט, האָט זי זיך דערוווּסט, וואָס פֿאַר אַ מענטש דאָס איז. ער וואָלט זיכער נישט געווען ער, אויב ער וואָלט צו דער דידאָזיקער ליידנשאַפֿטלעכער אַקטיאָרקע, אַ פֿרוי, וואָס בלויז איר קול אַליין האָט אים גערירט ביז צו דער טיפֿעניש פֿון דער נשמה, בלייבן קאַלט.

ער האָט אָבער געוווּסט, אַז זי דאַרף אים האָבן. ער האָט געוווּסט, אַז אין אַ געוויסן פּרט קאָן זי זיך נישט באַגיין אָן אים. ער האָט אויך געוווּסט, אַז זי האָט זיך געבאָדן אין די אייגענע ווערטער, ווי אין אַ שמעקעוודיקער באָד און זיך אַנטציקט מיט דעם קלאַנג פֿון אירע ווערטער, ווי אַ פֿידלער מיט געזאַנג. ער האָט געוווּסט, אַז אירע צוזאָגן זענען גאָרנישט, אַז די אָפּמאַכן, וואָס זי האָט געשלאָסן מיט אים, וועלן אין אַ ווײַלע אַרום גאָרנישט ווערט זיין, אַז זי האָט אים שוין געזאָגט ליגנט, רעדנדיק צו אים אַפֿילו אָט דאָס: מאָרגן וועלן מיר זיצן אַליין אַ

פערטל שעה, אָדער: נעכטן האָב איך געשריבן וועגן אייך צום ברודער (וואַרשיינלעך האָט זי בכלל נישט געהאַט קיין ברודער); ער האָט געוווּסט, אַז עס האָט נישט קיין שום באַדייטונג אויב זי טוליעט זיך צו זיין אָרעם הארציק, פאַרפירעניש, צאַרט ווי אַ טאָכטער און מיט פאַרלייגטע הענט קוקט זי צו אים מיט אַ שמייכל צומאָרגנס קאָן זי אים הייסן מוחל זיין, נישט אַ ציטער צוטון מיט אַ ברעם.

אין איר זכרון פאַרמעקט זיך אַלץ, אַלץ, וואָס עס געשעט אין איר און אַרום איר; זי באַהאַלט נישט אין זיך קיין שום בילד; קיין איינס פון די בילדער, וואָס זי שאַפט זיך, האָט נישט קיין אייגענע שטריכן, קיין אייגענעם קאָלאָריט און פּראָפּאָרציע אַפילו נישט אויף קיין שעה, זי פאַרמישט די איבערלעבונג, פאַרמישט מענטשן, ווי קאָרטן, אונטערן איינדרוק פון קלאַנג אָנגערעגט דורך אַסאָסיאַציעס. פאַרן פייערלעשער באַהאַלט זי איר קאָקעטעריע.

אָבער צו מענטשן, וועלכע זי איז שולדיק דאַנקבאַרקייט, דערגייט זי ביז אומפאַרשעמטקייט.

פאַרוואָס? אָן סיבה. קיינער וועט זי נישט געפינען.

זי איז גרייט איינצוזען אין אַ מענטש כבוד און ווערדע צוליב זאַכן, וואָס מאַכן אים פאַרן ערגסטן שווינדלער. זי האָט אייגנטלעך דערין נישט קיין שום ציל; עס גליטשט זיך אַרויס פון מויל; זי האָט ליב די געלעגנהייט, האָט ליב די סצענע, האָט ליב פאַרוווּנדערונג אויף די פּנימער פון די צוהערער און בעת זי מאַכט מיט מעלאַנכאָניש-אויפגעהויבענע אויגן דאָס האַנטווערק פון אַ גיפט-מישערין, זעט זי אויס, ווי אַן אומשולדיק קינד, וואָס צערייסט דאָס קליידל פון דער ליאַלקע און קוקט, ווי דאָס שטרוי פאַלט אַרויס.

ווי זי באַהערשט די פאַרוווּנדערונג, די נאַיווע, פאַרזאָרגטע פאַרוווּנדערונג, ווי זי באַהערשט אַלע געפילן, וואָס זענען צווייפלהאַפט, ספקותדיק, מאַכטלאָז, וואָס זענען נאָך נישט ווייבלעך און שוין נישט מיידליש; ווי זי גיט אויף אַ מייסטערהאַפטן אופן יעדן געשטאַלט טרויער, פּחד, חוצפּה, הפקרות, חוזק. דאָס

דאַרף מען זען, דאָס דאַרף מען דערקענען; וויפיל גייסט, וויץ, איז פֿאַראַן אין איר, אויב מען פֿאָדערט וויץ, וויפיל האַר־ציקע שטימונג, אויב זיי ווירקן אָנגענעם; ווי זי איז געלערנט, אָדער טעמפּ, לויט ווי מען דאַרף, איינגעהאַלטן, פֿרעך, ס׳ווענדט זיך אין דעם עכאָ, וואָס וועט צוריקקומען צו איר און צו וועלכן זי הערט זיך צו.

זי גליטשט זיך מיטן וואָרט, דאָס וואָרט רייבט זיך אויס, ווי אַ גומענע זאַך, אָבער זי נעמט צו דערפֿון, וואָס זי דאַרף; דאָס וואָס איז מיט אַ ווײַלע צוריק נישט געווען, באַווייזט זיך פּלוצלינג, ווײַל זי קען עס.

היינט איז זי אַ קליין, אָרעם, נעבעכדיק באַשעפֿעניש, וואָס מען דאַרף טראָגן אויף די הענט, כּדי זי זאָל ווידער אַ ביסל שלום שליסן מיט דער וועלט; זי איז אַזוי קליין, מען דאַרף איר טראָפּנווייז איינגעבן זעלבסטגעפֿיל, ווי אַ רפֿואה.

מאָרגן, וואָס זאָג איך: מאָרגן, אין אַ שעה אַרום, פֿאַר אַ ניי פּובליקום, אָדער פֿאַרן זעלבן, איז זי אַ מלאך מיט אַ פֿייער־דיקן פּאַנצער, אַ טראַגישע מוזע, אַ בונטאַרישע פֿרוי און אַ יאַקאָבינערין.

אַזוי ווייט איז זי דערגאַנגען, שריט נאָך שריט, ווי אַ מענטש, וואָס מיט אַ פּאַסאַק און מיט די אייגענע פֿינגער מאַכט ער זיך אַ וועג צווישן די נעדיכטע באַמבוסן, צעבלוטנדיק זיך די הענט. און דאָך און דאָך...

דאָ אייגנטלעך הויבן זיך אָן טיפֿערע ענינים.

בעת ער איז נאָכמיטיק געקומען אין קאַנצלאַריע אַריין, האָט ער געטראָפן אויפן טיש ליגן אַ וויזיט־קאַרט. ער האָט איבערגעלייענט: אַרנאָלד קעלער. די האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן די וויזיט־קאַרט, האָט געציטערט. ער האָט אַ דרוק געטאָן אַן עלעקטריש קנעפּל.

— כ'בעט תיכף צו פאַרבינדן מיך מיט נומער 166-822—האָט ער באַפוילן דער אַריינגעקומענער סעקרעטאַרקע.

דאָס איז געווען לודוויגאַס נומער.

— די פרוי איז נישטאָ אינדערהיים, — האָט דאָס פריי-לין געענטפערט אין אַ ווײַלע אַרום.

— קלינגט אָן אין טעאַטער, — האָט ער באַפוילן.

— די פרוי איז אויך אין טעאַטער נישטאָ — האָט די סעקרעטאַרקע דערקלערט.

— קלינגט אָן צו די ערנעפאָלדטס, צי מען רעדט מיט פריילין מאַיאַ.

פריילין ערנעפאָלדט איז אַוועקגעגאַנגען.

ער האָט ווידער גענומען די וויזיט־קאַרט אין דער האַנט.

— זי מוז זיך נאָך הײַנט דערוויסן, — האָט ער געברומט.

ער איז צו צו דער טיר.

— רידיגער!

דער באַדינער איז אַרויסגעקומען פון דער האַלב־פינצטער-ניש, וואָס האָט געהערשט אין צימער.

— וואָס באַפעלט דער הער דאָקטאָר?

לודין האָט די קאַרט געהויבן אין דער הויך.

— ווען איז דערדאָזיקער דאָ געווען?
— בערך מיט אַ שעה צוריק, — האָט דער ענטפער גע-קלינגען.

לודין האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. עס איז געווען צוועלף מינוט נאָך פיר.

— דעם אויטאָ — האָט ער אויסגערופן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פרוי דערקום האָט נאָך נישט אָפּגעשיקט דעם אויטאָמאָביל, וואָס ער איז פאַרמיטיק אָפּ-געטרעטן.

מיטאָג-צייט האָט ער אַליין פאַרברענגט אין דער שטאָט. ער האָט געהייסן רופן אַן אַנדערן אויטאָמאָביל, אַז ער האָט גע-וואָלט אַרויסגיין און זיך אַריינזעצן, האָט פּיאַ געקלינגען.

זי האָט אַליין נישט געקלינגען, נאָר האָט זיך אָנגעפרעגט דורכן דינער, צי זי קאָן נישט קריגן דעם ראַט, ווייל זי און די מוטער דאַרפן עפּעס דערליידיקן.

ער האָט געענטפערט, אַז עס איז אים זייער אומאַנגענעם, וואָס דער אויטאָ איז נישט פריי, ווייל ער האָט אים געגעבן אין רשות פון איינעם פון די קליענטן.

דערנאָך איז ער אַוועקגעפאָרן אין דער אַנגאַס, צו לוד-וויגאָס וווינונג.

די אַטעליע איז פול געווען מיט מענטשן. מען האָט געפרוווט אַ פילם-סצענע.

דאָס גאַנצע מעבל איז געווען אַריינגערוקט אין אַ ווינקל, אַזוי, אַז דאָס צימער האָט אויסגעזען צוויי מאָל גרעסער. עס האָט רעזשיסירט אַ מאַן, וואָס האָט געהאַט אויפן פנים צייכנס פון פּאָקן.

עטלעכע סטאַטיסטקעס, באָרוועסע, בלויז אין די העמדער און אין די אונטערקליידער, האָבן זיך געשטופּט צום פענצטער, ווי אַ סטאַדע גענז.

עפּעס אַ האַלב-נאַקעטע אַקטיאָרקע מיט צעלאָזענע האָר און מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל האָט זיך אָנגעשטרענגט אָנצונעמען אַ פּויזע, וואָס עס האָט איר אָנגעוויזן דער רעזשיסער. דער אָפּעראַטאָר האָט געשאָלטן דעם געבאָרגטן אַפּאַראַט. עמעצער איז געשטאַנען אויף אַ לייטער און פאַרפעסטיקט אַ פאָרהאַנג צום פענצטער.

לודינס אַריינקומען איז פון קיינעם נישט באַמערקט געוואָרן.

לודין איז צוגעגאַנגען צו אַן עלטערן הער, וואָס האָט אַנטוויקלט אַ פּראָיעקט וועגן צושטעלן די קוליסן, און אים העפלעך געפרעגט וועגן לודוויגאַן.

מען האָט אים געענטפערט, אַז זי דאַרף באַלד צוריקקומען, ווייל מען וואַרט אויף איר. לודין האָט געוואָלט זיך דערוויסן, ווו זי געפינט זיך.

מען האָט געצויגן מיט די אַקסלען. ער האָט זיך הילפלאָז אַרומגעקוקט.

דער ריח פון שווייס און פודער האָט אים אומאַנגענעם געשלאָגן צום פּנים. די נאַקעטע גלידער און לייבער פון די פרויען זענען געווען קרייד־טויט.

דעם רעזשיסערס געשריי האָט אים געטויבט אין די אויערן.

דער רעזשיסער האָט זיך אויפגערעגט און געליאַרעמט, אַז ער האָט נישט קיין טעכנישע מיטלען, ביים אַראָפּנעמען אַ פילם מוז אַלץ זיין אויפן אָרט, האָט ער געזאָגט, אַנדערש איז די געניאַלסטע פּאָעמע און די געניאַלסטע אַקטיאָרקע, אַפילו דער־קום גאָרנישט.

ער האָט געברומט.

לודין איז אַריין אין קאָרידאָר. אַ סטאָליער האָט, קלאַפּנ־דיק מיט אַ האַמער, געמאַכט אַ שטענדער. עס האָבן זיך גע־עפנט די טירן צו די ווייטערדיקע צימערן און עס האָט זיך באַוויזן דאָס שטוב־מיידל.

דערזעענדיק לודינען, האָט זי זיך געווענדט צו אים נאָך הילף. זי וועט נישט אויסהאַלטן אַזאַ באַלעבאַטעווען. זי האָט זיך נישט פאַרדינגען צו דינען צו אַן אייגנטימערין פון אַ בו־דע; זי וועט איינפּאַקן די זאַכן און אַוועקגיין פון דאַנען. בכלל איז דאָס נישט פאַר איר. יעדע נאַכט אַ טומל ביז אַזייגער פיר; די גאַנצע וווינונג איז פול מיט פרעמדע מענטשן, וואָס נעכ־טיקן אין איר ווי אין אַ הויז פאַר היימלאָזע. זי וואָלט נאָר געוואָלט רעדן. ניין, זי וועט ענדיקן דערמיט.

דער סטאָליער האָט אויפגעהערט קלאַפּן מיטן האַמער, האָט אַ קוק געטון אינדערהויך און אָפּגעסאַפּעט. לודין האָט פאַר־קנעפּלט דעם מאַנטל.

— כ׳בעט צו זאָגן דער מאַדאַם, אַז איך בין דאָ געווען אין אַ דרינגענדיקן ענין, — האָט ער געזאָגט, אַרויסגענומען דעם פּאָרטפעל און אַריינגעשטופּט דעם בונטאַרישן שטוב־מיידל אַ באַנקנאָט אין דער האַנט אַריין.

דאָס גענבן געלט האָט אפשר געשטאַמט פון פחדנות, אָדער אפשר פון עקל.

ער האָט גאָרנישט געוואָלט קויפן, נאָר שאַפן אַ דיסטאַנס, מורא-האָבנדיק, אַז ער וועט נישט ווערן אָפּגעהיטן.

דאָס מיידל האָט וואַקלענדיק גענומען דאָס געלט. ווי זי וואָלט געווען גערירט, אָדער פאַרחידושט, האָט זי שטיל אי-בערגעחזרט:

— יאָ, הער דאָקטאָר, אַז איך וואָלט נאָר געוואָלט רעדן...

ער האָט געמאַכט אַ פאַרטיידיקונגס-באַוועגונג מיט דער האַנט און אַרויס פון קאָרידאָר. עפּעס האָט אים געטריבן צו מאַיאַן.

ער איז געפאָרן צו די ערנעפּאָלדטס, עס איז געווען האַלב זעקס, בעת ער האָט זיך געפונען אין דער ווילע. עס האָט אים געעפנט דער גערטנער, וועלכער האָט נישט פאַרשטאַנען זיין פראַגע און אים אַריינגעלאָזט אין הויז.

לודין האָט געוואַרט. קיינער האָט זיך נישט געוויזן. ער איז אַדורכגעגאַנגען עטלעכע צימערן און קיינעם נישט געזען. ער איז שוין דאָ אַמאָל געווען מיט בערנדט ערנעפּאָלדטן. ער האָט געהאַלטן, אַז ער מעג דאָ אַהערקומען. אפשר האָט ער זיך אין זיין אומרו ווייניקער איינגעהאַלטן. אויף אַזויפיל, ווי ער איז געבליבן קאַלט צו ערנעפּאָלדטס דעפּעשע, אויף אַזויפיל האָט אים אַרנאָלד קעלערס באַווייזן זיך איבערגעשראָקן.

וואַרטנדיק ווייטער, אייגנטלעך אָן סיבה און אָן זין, איז זיין אומרו כסדר געוואַקסן און געמאַכט אויף אים אַ דערדריקנדיקן איינדרוק, ווי, למשל, היימלאָזיקייט, וואָס האָט זיך געטראָגן אין די ענגע און נידריקע צימערן.

מען האָט געקאָנט פילן די אָפּגעלאָזנקייט, וואָס האָט איינ-געהילט די זאַכן מיט שימל. דאָס מעבל, דיוואַנעס און די ביל-דער האָבן געטראָגן דעם צייכן פון לוקסוס און גלייכצייטיק פון צעפאַלונג.

דאָ איז געווען קאַליע די קליאַמקע, דאָרט איז די טאַפּעט

געוועז צעריסן; אויף איין ראַם איז דאָס גאָלד געוועז צע-קרישלט, אין קאַמין איז געלעגן אַלט אַש, אויפן טיש אַ שטויב פון אַ סך וואָכן.

עס איז דערין געוועז אַן אָפּגעלאָזנקייט פון לאַנגע יאָרן, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט עפּעס גייסטערהאַפטס. די צימערן ווייזן נישט בלויז דאָס, וואָס מענטשן טוען, נאָר וואָס זיי זענען.

ענדלעך האָט ער באַשלאָסן אַוועקצוגיין, ער איז אָבער נאָכאַמאָל אַדורך די שכנותדיקע צימערן און אַריין אין איינעם פון זיי, פון וועלכן ער איז ערשט אַרויסגעקומען. דורך דער גלעזערנער טיר האָט ער דערזען צוויי עלטערע פרויען, וואָס האָבן געשפּילט ביים טיש אין קאָרטן. אַ דריטע עלטערע פרוי איז געזעסן אויף אַ פאָטעל און געשלאָפן; דאָס הייבל איז איר געווען אַראָפּגערוקט איבער די אויערן.

דאָס זענען געוועז די מומעס און די מוטער פון מאַיאַ און בערגדט.

דאָס בילד איז גאָרנישט געוועז געוויינלעך: דריי אַלטע, דאַרע דאַמען אין ווייסע הייבלעך אויפן קאָפּ, צוויי פון זיי שפּילן מאָדנע שטיל אין קאָרטן, זיי האָבן כמעט געשפּענסטלעך אויסגעזען.

אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט און ווידער אַריין אין ערשטן צימער, וואָס איז געוועז אַ מין שרייב-צימער, ווי אין אַ פּענ-סיאָנאַט פאַר פאַמיליעס, האָט זיך אין דער קעגנאיבערדיקער טיר באַוויזן מאַיאַ.

עס איז צוגעפאַלן דער פאַרנאַכט. לודין האָט קוים געקאָנט דערקענען איר פּנים. בלויז די זילבערנע האָר האָבן געגלאַנצט, דאָס ברוינע און ענגע שפּאַציר-קלייד האָט איר פיגור געמאַכט דינער און קלענער.

אויף דער לינקער האַנט האָט זי נאָך געהאַט אַ הענטשקע, זי האָט זי געוואָלט אויסטון, נאָר האָט דערין פאַרגעסן, דער-זעענדיק לודינען.

— וואָס איז געשען? ווי קומט איר דאָ אַהער? — האָט

זי געפרעגט מיט אַ האַלב קול.

ער איז צוגעגאַנגען צו איר, האָט זיך באַגריסט און מיט אַ נידעריק, קלינגענדיק קול געבעטן, מען זאָל אים מוחל זיין פאַר דער וויזיט.

ער איז שוין געווען ביי לודוויגאַן, האָט זי נישט געטראָפן און ער וואַרט דאָ איצט אויף מאַיאַן, מיט וועלכער ער האָט אַרומצורעדן אַ וויכטיק געשעעניש, וואָס האָט פאַר איר אַ גרויסע באַדייטונג.

ער האָט צום סוף איבערגעגעבן, אַז אַרנאָלד קעלער איז געווען אין זיין קאַנצעלאַריע.

מאַיאַ האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ער האָט נישט געקאָנט דערגיין, וואָס עס מאָלט זיך אויף איר פנים. באַלד האָט זי זיך אָנגערופן, אַקצענטירנדיק די ווערטער:

— מען דאַרף איר עס גלייך מיטטיילן. וואָס שנעלער. איך ווייס נישט, וואָס דערפון קאָן זיך אויסשיילן. איך ווייס נישט, וואָס ער וויל. איך קאָן נישט דעם מענטש. עס דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז אַ מענטש אַ שלעכטער, אפשר גאָר אַ געפערלעכער. וואָס מיינט איר?

לודין האָט געענטפערט, אַז ער ווייסט אַזוי ווייניק, ווי מאַיאַ, און ער קאָן זיך נאָר שאַפן אַ מיינונג פון לודוויגאַס ווערטער, אָבער עס דאַכט זיך אים, אַז מען מוז אומבאַדינגט אונטערנעמען פאַרזיכטס-מיטלען.

מען קאָן נישט וויסן, וואָס דערדאָזיקער מענטש האָט בדעה צו טון. דאָס, וואָס ער האָט זיך אַזוי פלוצלינג געוויזן, איז גענוג מאָדנע.

— לוי שפּילט היינטיקן אָוונט, — האָט מאַיאַ געזאָגט, — פריער קאָן מען איר נישט מודיע זיין. נאָכן צווייטן אַקט ווערט זי פריי, אַזייגער ניין.

— איך וועל אַזייגער ניין זיין אין טעאַטער, — האָט לודין זיך אָנגערופן, — און וועל אָפּפירן לודוויגאַן אַהיים, און איר וועט אפשר דאָרט וואַרטן. עס מוז זיך לכל-הדעות געפינען באָטש איינער, וואָס זאָל שטערן דעמדאָזיקן מענטש צו קומען אין

איר וווינונג. ווען קומט אייער ברודער צוריק?

— עס איז נישט באַקאַנט, — האָט זי געענטפערט.

אַ מאָדנע זאַך: זי האָט נישט געטראַכט אָנצוצינדן אַ ליכט, און אויך ער האָט נישט געטראַכט דערפון, ווי קיינער פון זיי וואָלט נישט געוואָלט אָבסערווירן דעם צווייטנס געזיכט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט פאַרן ליכט.

—עס איז נישט מיין שולד, וואָס ער איז אַוועקגעפאָרן,— האָט מאַיאַ געצויגן, — איך האָב באַלד לכתחילה געזאָגט, אַז איך וויל נישט האָבן קיין שום געמיינזאַמס מיט געלט-זאַכן. אַז בערנט קריגט אַ גראָשן אין דער האַנט אַריין, פאַרלירט ער באַלד דעם שכל. אַזוי איז שטענדיק געווען מיט אים. כל-זמן ער האָט געהאַט מזומן איז ער געווען אַ קאַוואַלער און אַ מעצענאַט; אַז ער האָט שוין גאָרנישט געהאַט, איז ער געוואָרן ביי זיך געפאַלן. ער קאָן נישט אַנטקעגנשטעלן זיך; דער שכל פאַרלאָזט אים, אַז ער האָט געלט. איך האָב באַלד געזאָגט, אַז איך וויל נישט. איצט בין איך פאַראַנטוואָרטלעך, איך פיל, אַז איר מאַכט מיך פאַראַנטוואָרטלעך, גיט דאָס צו.

— קיינמאָל נישט, — האָט לודין געשעפטשעט, — באַרויִקט זיך, טייערע פריילן מאַיאַ.

זי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, און אַראָפּגעזונקענע אַקסלען האָט זי גערעדט מיט אַ פאַרמאַטערט, קוים דערהערנדיק קול.

— איר האָט זיך עס אפשר נאָך אַליין נישט באַוווּסט געמאַכט. איר פאָדערט פון מיר פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אמת. איך פיל עס. עס איז גענוג, אַז איר זאָלט בלויז אַ קוק טון אויף מיר און איך זאָל עס דערפילן. דאָס פייניקט מיך. אָפּטמאָל פרעג איך זיך, צי מיין געוויסן איז שוין אויסגעלאָשן פאַר לודוויגאַן. איך בין פאַרמשפּט צו גיין נעבן איר און צו ליידן.

זי האָט פאַרבראָכן די הענט. לודין האָט אַ צעמישטער געשוויגן.

— און איך בין אויך פאַרמשפּט צו שווייגן, — האָט זי

ווייטער געצויגן אין זעלבן טאָן, — איך לייד ביז היינט, אַזש ביז היינט. היינט פאָדערט איר אַזוי הערשעריש, איך זאָל רעדן, אַז איך וואָלט גערן אַנטלאָפן פון צימער. שוין דעמאָלט... האָט איר מיך געפרעגט וועגן ניקאָלאַיען... ווי אַזוי האָט איר געקאָנט טון? אמת, אַך גאָט... אַז די טויטע קומען צו אַ מענטש און פאָדערן, מען זאָל זיי באַצאָלן אַלע שולדן. איך זע אים שטענדיק, ווי ער שטרעקט אויס די הענט צו לוין, אָבער שטענדיק אומזיסט. זי לאַכט בלויז דערפון, לאַכט, ווי ער וואָלט געווען אַ פּאַיאַץ; און איך, איך זע אים, כמעט יעדע נאַכט ווייזט ער זיך מיר מיט אַ ווונד אין לייב. —

— וואָס רעדט איר, פרײלן מאַיאַ? — האָט לודין היי־זעריק אויסגערופן און זי אַזוי שטאַרק אַ כאַפּ געטון פאַר די הענט, אַז זי האָט זיך אַזש אַ קורטש געטון.

אין דעם שוואַכן ליכט, וואָס איז אַריינגעפאַלן פון פענצטער, האָט ער דערזען, אַז אירע אויגן זענען צוגעשלאָסן, מיט [illegible] ווייז-פינגער פון דער פרייער האַנט האָט זי געוויזן אין דער לופט און גערעדט כמעט זינגענדיק אין אַ טאָן פון אַ־בעראַשנדיקן נאַיִוויטעט, ווי אַ משוגע קינד.

— יאָ, געוויס, ער האָט מיר דאָס דערציילט. ער האָט מיר דערציילט מיט פרייד, אַז זי האָט געצווייפלט אין אים, אַז זי האָט נישט געוואָלט גלויבן אין זיין ליבע. ניין, נישט אַזוי, נישט אַזוי. דאָס איז בלויז געווען אַ שפּיל. זי האָט זיך בלויז געוואָלט שפּילן מיט אים. זי האָט זיכער געגלויבט, נאָר זי האָט אים געוואָלט אויסשטעלן אויף אַ נסיון. זי האָט געוואָלט זען, ווי ווייט אַ מענטש קאָן דערגיין אין זיין תאווה. שפּיל זיך, שפּיל. ווייסט דען לוי פון גרענעצן? ער איז געפאַלן צו אירע קני און געבעטן, ווייל אַלץ האָט זיך כסדר געענדערט, פון טאָג צו טאָג. זי האָט אים שוין נישט געוואָלט מער קענען. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט. זי האָט גענומען דאָס פייער־אייזנדל אין דער האַנט אַריין און ווי זי וואָלט געווען צעשטרייט, האָט זי גע־שאַרט די גליענדיקע קוילן פון קאַמין און חוזק געמאַכט פון דעספעראַט. דערנאָך האָט זי אַרויסגעצויגן אַ צעגליט אייזן פון

אויוון, עס אויסגעשטרעקט צו אים און געזאָגט: אויב דו ביסט נישט קיין שלימזלדיקער געליבטער, טאָ לייג אַוועק דאָס גליענדיקע אייזן אויף דיין ברוסט. און ער, מיין הער, האָט עס געטון. ער האָט זיך צוגעשטעקט דאָס גליענדיקע אייזן צו דער ברוסט. דאָס לייב רויכערט און פּרעגלט זיך. אַזוי האָט מיר לוי דערציילט. זי האָט געזאָגט, אַז דעמאָלט האָט זי איבערגעלעבט די שענסטע נאַכט אין איר לעבן. האָרכט זיך איין!

לודין האָט זיך צוריקגעצויגן אויף אַ פּיר טריט. האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט נעבן זיך, געכאַפּט דעם אָנלען פון אַ שטול און אַ מאַכטלאָזער זיך געזעצט. אַ קאַלטער שווייס האָט באַגאָסן זיין גאַנצן קערפּער.

— איר חלומט, פריילן מאַיאַ, — האָט ער געזיפצט, — איר לעבט זיך אין שרעק-געשיכטעס. מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט שרעקלעכע בילדער פון טעאַטראַלע גייסטער און טייוולאָנים. רעדט קלאָרער און ריכטיקער. איך האָב גאָרנישט געהערט. איך וויל פאַרגעסן וועגן דעם, וואָס איך האָב געהערט.

— איר מיינט, אַז דאָס איז אַלץ? — האָט מאַיאַ אויסגערופן וויינענדיק און האָט ביידע הענט צוגעשטעקט צום שטערן.

מיט דער גרעסטער ווילנס-אָנשטרענגונגען האָט זי לודין געצוווּנגען צו באַרויקן זיך.

— גענוג, טייערע פריילן מאַיאַ, — האָט ער מילד געזאָגט און אויפגעשטאַנען. — איך מיין, אַז צומבעסטן וועט זיין, אויב איך וועל אייך איצט איבערלאָזן אַליין. איר געפינט זיך אָן צווייפל אין אַ צושטאַנד פון שטאַרקער נערוועזער גערייצטקייט, איר וועט אַזוי גוט זיין און אָנצינדן ליכט. איך קאָן נישט געפינען דאָס עלעקטריע-קנעפּל. איך האָב ערגעץ אַוועקגעלייגט דעם הוט און דעם מאַנטל. איך מוז אַוועקגיין. איך האָב נאָך אַרבעט.

מאַיאַ איז צו צו אַ וואַנט. די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן

זיך אָנגעצונדן. אַ טויט-בלייכע האָט זי זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל.

— איך בעט אייך, פאַרבלייבט נאָך אַ ביסל, — האָט זי געבעטן, — נאָך אַ צען מינוט. איך האָב מורא צו בלייבן אליין.

לודין האָט אַ קלער געטון און פאַרבליבן. מיט אַן אַראָפּ-געבויגענעם, ריזיקן קאָפּ, מיט אַ נערוועז-ציטערנדיקער אונטער-שטער ליפּ, איז ער געשטאַנען, פויקנדיק מאַשינאַל מיט די פינ-גער אויף אַ בוך.

מאַיאַ האָט אַריינגעשטעקט די פאַרלייגטע הענט צווישן די קני.

— ניין, עס האָט נישט קיין שום שייכות מיט גייסטער און טייוואָלאָנים, — האָט זי געשעפּטשעט, — איך ווייס, אַז וועגן אַזעלכע פּרויען לייענט מען אין די ביכער, אָבער דאָס איז עפּעס אַנדערש. דאָס קאָן מען נישט גענוג דערקלערן. אַלץ איז דאָ אַזוי שרעקלעך און צוגלייך אַזוי קאָמיש. איך וואָלט געוואָלט בלויז וויסן איינס, — האָט זי עטוואָס אויפגעהויבן דעם בליק און דאָס קול, פון וועלכן עס איז נאָך אַלץ נישט אָוועקגענומען געוואָרן דער טאָן פון שעמעוודיקייט און דערשלאָגנקייט, וואָס איז פאַרשוווּנדן אין מאָמענט, ווען מען האָט אָנגעצונדן ליכט,— איך וואָלט בלויז געוואָלט וויסן, וואָס אייך, הער דאָקטאָר ציט צו לודוויגאָן; צי האָט זי אייך פאַרכאַפּט, אָדער ווי זאָל מען עס אַנדערש אָנרופן. צוציען אַזאַ מאַן ווי איר, דאָס איז פאַר מיר אַ רעטעניש. ווען איך וואָלט זיך דערוווּסט, וואָלט עס געווען פאַר מיר אַ גרויסע דערלייכטערונג.

לודין האָט פלינק אויפגעהויבן די אויגן. אין אָנהויב האָט אַ שטאַרקער אומווילן אַ בלישטש געטון אין זיינע אויגן, דער-נאָך האָט זיך געוויזן אין זיי אומאַנטשלאָסנקייט, וואָס דערוועקט זיך דעמאָלט, ווען מען דאַרף ענטפערן עמעצן, אין וועלכן מען איז נאָך נישט איינגאַנצן זיכער. אָבער אפשר איז עס איצט געווען, ווייל די פערזאָן פון צוהערער האָט געהאַט אַ קלענערע באַדייטונג,

ווי די געשאַפענע געלעגנהייט זיך אַליין אונטערצוזוכן. עס איז געווען אַ שווערע, זייער שווערע לאַגע און בלויז דאָס וואָרט, הגם עס איז בלויז פאַרשטאַנען געוואָרן דורך דעם זין אַליין, האָט געקאָנט ברענגען אַ דערלייכטערונג.

מיט די הענט אויף די פלייצעס האָט ער אָן הפסקה גע־נומען גיין הין און צוריק.

# XLVI

ער קאָן נישט אָפּלייקענען. די פֿראַגע האָט אים צעמישט. אָבער ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע איז אַן ענין פֿון פֿאַך. אין גרונט גענומען האָט אים נישט געפֿרעגט מאַיאַ, נאָר איר קול. עס האָט געפֿרעגט די וועלט, און אפֿשר עמעצער פֿון דער הויך. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ווי ער וואָלט צונעשפּאַרט געוואָרן צו דער וואַנט און דער וועג דערפֿאַר וואָלט געווען פֿאַרבאַריקאַדירט ביז — ער וועט ענטפֿערן. כּדי צו זיין קלאָר און גענוי, וואָלט ער זיך נעמוזט ווייט צוריקציען אין דער פֿאַרגאַנגנהייט, אָבער דאָס וואָלט אים גיך פֿאַרמאַטערט. שוין אַזוי איז ער גענוג פֿאַרמאַטערט אין אַ געוויסן פּרט. עס איז אויך נישט באַקאַנט, צי דאָס וואָלט געווען אַ פּרווו מיט אַ נישט-פּאַסיקן אָביעקט. אַזעלכע מענטשן ווי ער, מוזן אויסדויערן.

ער קאָן נישט באַצייכענען קיין פּונקט אין דער צייט, ווען אין זיין גייסט איז געבוירן געוואָרן די בענקשאַפֿט, כּדי צו ווערן אַנדערש, ווי ער איז.

אַ נישט-באַפֿרייטער פֿון זיך אַליין האָט לודין געטראָפֿן מיט זיך מיט לודוויגאַ דערקום, אייביק אַ פֿאַרענדערלעכע, יעדן טאָג אַן אַנדערע. אַ מאָדנער טראַף פֿון גורל, נישטאָ אין איר קיין סימן פֿון כאַראַקטער. אַלץ וואָס איז היינט דאָ אין איר, ווערט מאָרגן אַנדערש.

עס איז נישטאָ קיין סיבה, עס איז נישטאָ קיין פּועל-יוצא און עס איז נישטאָ קיין ווירקונג פֿון איין זאַך אויף דער אַנדערער.

זי איז בלויז קערפער. אָבער אַ קערפער כמעט אָן גע־
יעצן. איר נשמה? צי קאָן מען אָנרופן נשמה דאָס, וואָס איז
אַרויסגעשווומען פון טויזנטער נשמות אין איין כלי, כדי ווי אין
אַ רעטאָרט פון אַן אַלכעמיקער, צו באַשאַפן אַ נייע, געשפענ־
סטיקע מאַטעריע?

צי עקזיסטירן דען ליגנס דאָרט, ווו עס איז קיינמאָל
נישט געווען קיין אמת, ווו עס איז נישטאָ קיין באַגריף פאַרן
אמת און קיין באַגריף קאָן נישט זיין? אַלע כוחות און בלוט־
געפעסן, אַטאַוויזם און טעטיקייט פון דער נאַטור מישן זיך אויס
אין אים אין מאָמענט פון געטלעכער ליבשאַפט צו זיך אַליין
און פאַרשיכורן זי מיט איר אייגענער געשטאַלט, און דאָ איז
איר געשטאַלט אַ בילד, אַ זאַך, וואָס בייט זיך, אַ פליסנדיקער
עלעמענט, אַ שאַפנדיקער און פאַרענדערלעכער. זי איז נישטאָ,
ווען מען וויל זי אָננעמען, זי האָט נישט קיין פנים און קיין
אויגן, זי שטייט בלויז אין איר פאַרכישופטן קרייז, ווו עס
שטייען צוגעשמידטע צו זיך אַליין מיליאָנען לודינס און זי צע־
פאַלט זיך אין אַן אומבאַשטימטן גאָרנישט, אין נישט־באַשטייער־
טע אייגנשאַפטן און גלוסטונגען, בעת זי טרעט אַריין אין
לעבן.

נעם זי אַרום, דרוק זי צו דיין ברוסט, האַלט זי פאַר אַ
מענטש; דו מאַטערסט זיך בחינם צו נעמען אין דער האַנט
אַריין אַ קויל געמאַכט פון וואַסער; שטעל זי אַוועק צווישן
יאָ און ניין, אָדער פאַר דעם געזעץ, אַז צוויי מאָל צוויי איז
פיר; דיין וואָרט וועט דאַן ווערן אַ געשפענסט און די ציפער
אַ חוזק.

אַזוי האָט זיך לודין צונויפגעטראָפן מיט זיין גורל, ווי
מיט טויזנטער יאָרן צוריק וואָלט אים אויסגעטראַכט דער שטאַרק־
דענקנדיקסטער מוח און ווי פאַרקאַ וואָלט אין שכל צונויפגע־
פלאָכטן די פעדעם פון די וויטסטע עקן פון די שפולקעס, כדי
זיך איבערצוצייגן וואָס פאַר אַ ווונדערלעכע זאַך וועט עס אַרויס־
קומען פון דעמדאָזיקן געפלעכט, און זאָל גאָט אָדער דער טייוול
זיין צופרידן.

ער מוז עס איבערטראָגן. ער מוז בויגן דעם קאַרק. ער קאָן בלויז פון צייט-צו-צייט אַרויפקוקן אינדערהויך און רופן: וואָס איז דאָס הער? וווהין פירסטו מיך? וואָס ווילסטו טון מיט דיין קנעכט? בחינם דאָס קוקן, בחינם דאָס רופן. מען דאַרף מורא האָבן, ווייל ער און זיינס גלייכן האָבן שוין לאַנג פאַר־קויפט דעם הער, וואָס דאַרף אים אויסהערן, פאַר דרייסיק שקלים.

ער האָט זיך נאָך געפוינען דאָרט עטלעכע מינוט, האָט זאָרג־פעלטיק פאַרקנעפּלט דעם לאַנגן סורדוט, האָט גענומען דעם מאַנטל און דעם קאַפּעלוש און אָן גרוס איז ער אַרויס פון צימער.

## XLVII

ווען ער איז געקומען אַהיים, איז געווען צוויי אין דער נאַכט.

ער איז צוערשט אַוועק אין דער „ביבליאָטעק, אָנגעצונדן ליכט, צעוויקלט אַ פּעקל ביכער, וואָס מען האָט געברענגט, האָט איבערגעקוקט די נעמען, געוויסע ביכער, וואָס ער האָט געוואָלט לייענען, האָט ער אַוועקגעלייגט אין אַ זייט, די איבעריקע האָט ער איבערגעלאָזט אויף דער פּאָך. דערנאָך האָט ער פּאַמעלעך אָפּגערוימט דאָס פּאַק-פּאַפּיר און די שנור, מיט אַ באַרשט אָפּ-געריייניקט דעם טיש און אַוועק אין שלאָפצימער. אויף דער שוועל האָט ער אַ טראַכט געטון, האָט זיך צוריקגעקערט, זיך געזעצט אויף דער הילצערנער באַנק נעבן אויוון און אַראָפּגענומען די שיך, וואָס זענען פול געווען מיט בלאָטע, ווייל דאָס לעצטע שטיקל וועג פאַרן הויז איז ער געגאַנגען צופוס אויף ליימיקע און צעווייקטע ערטער.

אַ צעשטרייטער האָט ער גענומען איינס פון די ביכער און זיך דערשראָקן.

צו זיין האַנט האָט זיך געהאַט צוגעקלעבט אַ שטיקל בלאָטע פון שיך און ער האָט פאַרשמוצט די ווייסע דעקלעך פון בוך.

אַ לאַנגע צייט האָט ער אַ צעמישטער געקוקט אויפן שמו-ציקן טונקעלן פלעק.

אין די זאָקן איז ער אַריין אין שלאָפצימער, האָט אָנ-געטון די פאַנטאָפל און אָפּגעוואַשן זיך די הענט. איינם שפיגל

פון וואַס-געשטעל האָט ער דערזען דעם אָפּשלאָג פון זיך און ער האָט הויך, נאָר מיט אַ קול פון אַ זייטיקן צושויער גע-זאָגט:

— ווי בלאַס דו ביסט, ווי טויט-בלאַס.

ער האָט נישט געקאָנט אַנטשליסן זיך אויסצוטון. ער איז בעגאַנגען הין-און-צוריק, דערנאָך איז ער פּלוצלינג אַרויס פון צימער און אַוועק צו פּיאַס שלאָפצימער. פאַר דער טיר האָט ער זיך אָבער אָפּגעשטעלט און זיך איינגעהערט.

ער האָט געהאַלטן די קליאַמקע אין דער האַנט, נישט רירנדיק זי.

ער האָט נישט געקאָנט וויסן, אַז אינעווייניק איז זיין פרוי געלעגן מיט אָפענע אָרעמס און מיט וואַכנדיקע אויערן; זי האָט געהערט זיינע זיך דערנענטערנדיקע, פאַרשטיקטע טריט.

ער האָט נישט געקאָנט וויסן, אַז זי האָט געוואַרט מיט פאַרקריצטע ציין, מיט פינגער איינגעזויגן אין דער דעק, ציטערנדיק, ווי אַ גראָז פאַרן שניט, זי האָט געוואַרט, אַז די טיר זאָל זיך עפענען, זי האָט געוואַרט, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין איר לעבן.

ער האָט נישט געקאָנט וויסן דערפון. בלי-ספק האָט ער געמיינט, אַז דאָס ווייב שלאָפט אפשר, ווען ער וואָלט געפילט איר וואַרטן, איר וואַרטן פון זינט גאַנצע טעג, זינט גאַנצע וואָכן, וואָס זענען געקומען, אַוועקגעגאַנגען וואָס-אַמאָל מער ווייטיקלעכער, וואָס-אַמאָל שרעקעוודיקער אין דעם כּישוף, וואָס די געשעענישן האָבן געשאַפן.

ער וואָלט עס אפשר, לאָמיר זאָגן, דערפילט, ווען נישט... יאָ, ווען נישט דאָס ווייסע דעקל פון בוך, וואָס איז צופעליק פאַרשמוצט געוואָרן...

דעמאָלט וואָלט ער אפשר אַריין.

אין קאָרידאָר, אויף די טרעפּ, וואָס פירן אַרויף אינדער-הויך, איז רעלי געשטאַנען אין נאַכט-העמד, גלייך ווי אַ ליכט,

לונאַטיש זיך איינהערנדיק א'ן איר יונגער נשמה, פול מיט אומ-קלאָרע כאָרגעפילן.

„ווי אַזוי? פון וואַנען... האָט זיך רעלי גענומען ביינאַכט אויף די טרעפ? וואָס האָט איר געשטערט דעם שלאָף? אפשר איז זי אויך געלעגן שלאָפלאָז, געוואַרט ביז אַ שליסל וועט אַ סקריפ טון אין טויער און דעם פאָטערס טריט וועלן זיך דער-הערן אין קאָרידאָר? פאַרוואָס שטייט זי אַ דערקילטע מיט צע-שפרייטע דערשראָקענע אויגן?"

דאָס איז רעליס סוד

# דריטער טייל

## XLVIII

דער שיינער מיידלשער שטערן האָט פאַרלוירן זיין ריינ־קייט. ער איז ענלעך געווען צו אַ שפּיגל, וואָס איז פאַרנעפּלט מיט אָטעם. ביז־אַהער האָט מען נישט דערקענט אויף אים קיין יאָרן היינט האָבן זיך באַוויזן אויף אים קנייטשן.

פיאַ איז נישט געווען צוגעוווינט בלויז צו שווייגן, נאָר זי האָט אויך נישט געהאַט קיין פעיקייטן אָראָפּצורעדן זיך. זי האָט נישט פאַרמאָגט די מתּנה פון ווערטער זי האָט בכלל גע־האַט ווערטער בלויז פאַר פאַקטן און פאַר קליינע לעבנס־נויט־ווענדיקייטן.

דידאָזיקע ווערטער־אירע זענען מיטן לויף פון דער צייט, ווען איינע און די זעלבע זאַכן האָבן זיך כּסדר איבערגעחזרט, פשוט געוואָרן געברויכלעכע געגנשטאַנדן און האָבן נישט געהאַט קיין שום פּרעטענציעס צו טראַכטן און פילן.

צוליב דעם איז אויך געשען, אָדער פיאַן האָט זיך נאָר בלויז אַזוי געדאַכט, אַז יעדער געדאַנק און יעדעס געפיל זע־נען פון איר אַוועקגענומען געוואָרן.

איבער איר האָבן זיך אָנגעזאַמלט בערגער זאַמד, וואָס זענען כּסדר געוואַקסן: דאָס פירן דאָס הויז, די באַלעבאַטיש־קייט, די קיך, די באַדערפענישן פון יעדן מענטש; די איינקויפן די רעכנונגס־ביכער, די אָרדנונג, די דערציונגס־זאָרגן, די באַ־

דערפנישן פאַר יעדן פון הויז, די דאגות איינצושאַפן אַלץ, וואָס זענען נויטיק פאַרן טיש, דער שלאָף, די באַקוועמלעכקייט פון אַלע שטוב-מענטשן.

זי האָט נישט געהאַט קיין פריינדין. אין איר לעבן איז נישט געווען קיין אָרט אויף פריינדשאַפט. זי האָט קיינמאָל נישט געליבט צוליב דעם.

דאָס האָט איר קיינמאָל נישט פאַרשאַפט קיין ליידן קודם-כל צוליב דער באַהאַלטנקייט, פאַרשלאָסנקייט פון איר כאַראַקטער, און צוליב דעם, ווייל עס איז נישט פאַראַן געווען אויף דער וועלט קיין זאַך, וואָס זאָל האָבן אַ ווערט פאַר איר, אַ חוץ איר מאַן און אירע קינדער.

צו זיי האָט זי געהערט מיט לייב און נשמה און דאָס איז געווען אַזוי פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין! פונקט ווי עס איז פאַרשטענדלעך, אַז אירע הענט און פיס געהערן צו איר. פיאַ, פרידריך מאַרלענע, רעלי און הוברט האָבן באַשאַפן אַ נישט אָפטיילבאַרע גאַנצקייט. זי האָט געטראַכט דערוועגן אַזוי ווייניק, ווי וועגן זיך אַליין.

מיט דער מוטער האָט זי נישט פאַרייניקט קיין שום האַרציקער פאַדעם און זי האָט זיך רויק מודה געווען דערצו. קיין אָפן געפיל איז צווישן זיי קיינמאָל נישט געווען; דער אינטערעס פון דער פרוי ראַט איז נאָר אייביק געווען צו זיך אַליין; מיטן לויף פון יאָרן איז איר נישט-לעבעדיקער עגאָיזם נישט בלויז פאַרשטיינערט געוואָרן, נאָר איז פון טאָג צו טאָג ערגער און קריגערישער געוואָרן.

אַלע אין הויז האָבן זי געהאַלטן פאַר איינעם פון די רעקוויזיטן, וואָס מען דאַרף אַכטן, אָדער פאַר אַן אומעטיקער זאַך, וואָס מוז זיך דאָ געפינען, און פאַר וועלכער מען דאַרף אָפטרעטן פון וועג.

די אויסערלעכע וועלט איז דעריבער אַריינגעדרינגען אין פיאַס וועזן נאָר אַלס כּוח און אַלס געזעלשאַפטלעכער חוב. זי האָט זייער אָפט געמוזט אויפנעמען וויזיטן; זיך אָפּגעבן מיט זיי דאָס האָט איר אַמאָל געקאָסט אַ סך אָנשטרענגונגען. אָבער לו-

רין וואָלט נישט צופרידן געווען, ווען זי וואָלט זיי פאַרנאַכ־לעסיטק.

ער איז זעלטן געקומען אין געזעלשאַפט, אָבער מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט ער אָנגענומען איינמאָל אין חודש אַן איינלאַדונג און איז געגאַנגען מיט פיאַן צו איינער פון די באַ־קאַנטע פאַמיליעס. שפּעטער האָט עס אויפגעהערט.

אַמאָל האָט זי אויך ביי זיך איינגעאָרדנט הערבסט־צייט אָדער ווינטער אויפנאַמען יעדן צווייטן זונטיק.

דידאָזיקע אָוונטן האָבן צוליב דעם, וואָס עס האָבן זיך באַטייליקט אין זיי מענטשן מיט נעמען, וועלכע האָבן געפירט פאַרשידענע גייסטרייכע געשפּרעכן, באַקומען אַ גוטן שם. און זיין לודינס אַ גאַסט האָט מען פאַררעכנט פאַר אַ זכיה.

די אויפנאַמען האָבן אויפגעהערט, אַפילו אָן פריערדיקער פאַרשטענדיקונג צווישן מאַן און ווייב, און נאָר דערפאַר. ווייל לודין האָט זיי פיינט געקראָגן.

ער האָט שוין איצט נישט אַרויסגעוויזן קיין חשק צו גיין מיט איר אויף אַ קאָנצערט, אין דער אָפּערע; אין טעאַטער, אין מוזעום; ער האָט אַפילו איינציקווייז אויפגעהערט צו שפּאַ־צירן, וואָס ער האָט געמאַכט מיט איר יעדן זונטיק־נאָכמיטאָג, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געמעגט פאַרפלייצט זיין פון אַרבעט.

שטענדיק איז ער דעמאָלט געווען אין אַ גוטער שטימונג און פול מיט צערטלעכקייטן פאַר איר, אַזוי, אַז די מינוטן פון די געמיינזאַמע שפּאַצירן אין די שיינע געגנטן הינטער דער שטאָט האָט זי פאַררעכנט פאַר די שענסטע פון איר לעבן. זי איז שטיל געגאַנגען מיט אים אויפן וועג, האָט שמייכלענדיק זיך איינגעהערט ווען ער רעדט, און שמייכלענדיק האָט זי גע־שוויגן, בעת ער האָט געשוויגן.

דאָסדאָזיקע שווייגן האָט אים אויסגעוויזן צו געפעלן, איר אָפּרוען זיך ביי אים האָט אים אַדורכגענומען מיט רו און שלוה און ווען זיי זענען אַהיימגעקומען, זענען זיי אינערלעך געווען פאַרשטענדיקט צווישן זיך, און האָבן נישט גערעדט פון קיין

אַנדערע זאַכן, אַ חוץ וועגן טאָגטעגלעכע פּאַסירונגען.

דאָס איז פאַרביי. אין פיאַס כאַראַקטער איז געלעגן די סיבה, וואָס גאַנצע ווינטער־חדשים האָט זי זיך דאָס לחלוטין נישט אויפגעקלערט.

אפשר איינציקווייז, טאָג נאָך טאָג, אַרומקוקנדיק זיך פּאַ־רויס און צוריק, האָט זי זיך אָנגעשטויסן.

זי האָט פאַרשטאַנען, אַדורכגענומען זיך דערמיט, געחידושט זיך און גענומען טראַכטן.

מאָדנע איז געווען, וואָס די באַקאַנטע, וועלכע זי ד'האָט איצט געטראָפן, האָבן צו איר פריינטלעכער געגריסט; אַנדערע ווידער — זי האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע, וואָס זי האָט שטענ־דיק געטראָפן בעת אירע אָפטע אַרויספאָרן הינטער דער שטאָט און בעת זי איז געגאַנגען אויף די טראָטואַרן, — האָבן געהאַט אין זייער אויפפירונג עפּעס פאַרטרויליכעס, אינטימס, אַנדערע עפּעס קאַלטס און גאָר אַנדערע עפּעס נייגעריקס, און מיט־פילנדיקעס.

איינציקווייז איז זי געוואָרן נערוועז; זעענדיק פונדער־ווייטנס אַ באַקאַנטן האָט זי אים אויסגעמיטן אַריינדרייענדיק זיך אין אַ זייטיקער גאַס.

איין דאַמע למשל, מיט וועלכער זי איז געצוווּנגען גע־ווען זיך אָפּצושטעלן, האָט זי געפרעגט מיט אַן אומגעוועגלעך־מיטפילנדיקן טאָן, וואָס דער מאַן מאַכט. זי האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דער טרוקענער תשובה און ד'האָט נאָכאַמאָל געפרעגט.

אַן אַנדערע דאַמע, וועלכער פיאַ האָט געמוזט מאַכן אַ קענגן־וויזיט, האָט כסדר געשיט מיט אומטאַקטישע אָנצוהערע־נישן, דערציילנדיק וועגן גורל, וואָס האָט געטראָפן איינער אַן אומגעווינלעך־אָנשטענדיקער פרוי, וואָס איז דעם מאַן געווען שטאַרק איבערגעגעבן, דערזעלבער מאַן, וועלכן זי איז געווען אַזוי געטריי, פּייניקט זי איצט אָן אויפהער און וויל זי כסדר אַראָפּשטופּן אַלץ נידריקער און נידריקער.

פיאַ האָט געקוקט אויף איר אַ פאַרטראַכטע און געװומען ר'עדן װעגן װעטער.

עס איז נישט געװען קיין חידוש, װאָס אין אירע ספערן האָט מען זי געהאַלטן פאַר אַ נישט-געבילדעטע און אַביסל אַ נאַרישע; בלױז דערפאַר האָבן די פרויען איר מוחל געװען די הערלעכע מאַניערן און דאָס יוגנטלעכע שיינע פּנים.

נאָך אַ שטאַרקערן רושם האָט אויף איר געמאַכט אַן על־טערער הער, אַ געװעזענער מיניסטער, װאָס האָט ליידנשאַפט־לעך ליב געהאַט טעאַטער, װעלכער האָט איר אין אַ העפלעכער באַרעדעװדיקייט דערציילט, אַז ער האָט שוין דריי מאָל געזען איר מאַן אויף איין פּיעסע.

זי האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן, װאָס אין איר איז דער־ביי פאָרגעקומען.

— איך קאָן נישט זאָגן, אַז ער טוט שלעכט, — האָט דער עלטערער הער צוגעגעבן, — װאָס ער באַזוכט אַזױפיל די פאָרשטעלונגען; אַן אָװנט אין טעאַטער איז פּשוט אַ פרייד.

לודין האָט קיינמאָל נישט גערעדט מיט פיאַן װעגן דער־דאָזיקער „פרייד״. געװיס איז עס אויך געװען פאַר אים אַ פרייד, װייל אויב נישט — צו װאָס װאָלט ער געגאַנגען דריי מאָל אויף דערזעלבער פאָרשטעלונג?

צו דער גרויסער צאָל קלאַנגען, װאָס זענען דערגאַנגען צו איר און זענען געװען געפערלעך, װי שלאַנגען, זענען נאָך צוגעקומען די טעלעפאָנישע אַװאַנטורעס פון בריגידע האַרטמאַן, נאָך װעלכע זי איז טרויעריק געװאָרן, נישט געקוקט אויף איר גלייכגילטיקן אָנשטעל, און אָפט איז איר באַפאַלן אַן אומהיימ־לעכקייט, נישט געקוקט אויף דער פאָרזיכטיקייט, מיט װעלכער לודין האָט זי געפּרוּװט צו באַרויקן.

אַ געװיסע צייט האָט זי גאָרנישט געהערט װעגן דער־דאָזיקער פרוי.

איינמאָל אין אַ מערץ-נאָכמיטאָג, בעת זי איז געקומען אַהיים, האָט מען איר מודיע געװען, אַז עס װאַרט אויף איר עפּעס אַ דאַמע מיט צװיי קינדער

אַז זי איז אַריין אין צימער, איז די דאַמע אויפגעשפּרונ-
גען, געכאַפּט די הענטלעך פון די קינדער, וואָס זענען געשטאַ-
נען ביים פענצטער מיט די נעזלעך צוגעקלעבט צו דער שויב,
צוגעלאָפן צו איר און אויסגערופן:

— די פרוי דאָקטאָר וועט דערלויבן זיך פאָרצושטעלן,
איך בין בריגידע האַרטמאַן, און דאָס זענען מיינע צוויי יתומים
דאָס הייסט יתומים נאָכן טאַטן. איך האָף, אַז איך וועל דער
פרוי דאָקטאָר נישט שטערן.

פיאַ איז פאַרשטיינערט געוואָרן. זי האָט אַפילו נישט גע-
קענט פרעגן, וואָס אַזוינס עס האָט אַהערגעברענגט דידאָזיקע
פרעכע פרוי.

זי איז געשטאַנען און די יתומים, וואָס זענען יום-טובדיק
געווען אויסגעפּוצט, אָבער נישט גוט אָפּגעוואַשן, האָבן געגלאָצט
צו איר מיט אָפענע מיילעכלעך.

— גייטס קינדער אַרויס אויף אַ וויילע אין גאָרטן, — האָט
זיך בריגידע האַרטמאַן געווענדט אין אַ זיסלעך-האַרציקן טאָן
צו די יתומים. — איך מוז רעדן מיט דער פרוי דאָקטאָר, אפשר
וועלן די סעכטערלעך פון דער פרוי דאָקטאָר זיך אַביסל שפּילן
מיט אייך, די פרוי דאָקטאָר וועט גאָרנישט האָבן קעגן דעם.

די יתומים האָבן געהאָרכט, וואַקלענדיק זיך. איינער פון
די יינגלעך האָט זיך אָנגעשטויסן אין די וואַנט, ווייל ער האָט
אַלץ נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון פיאַן.

— די פרוי דאָקטאָר וועט דערלויבן, אַז כ'זאָל זיך זעצן,—
האָט בריגידע האַרטמאַן געפרעגט, אָנטועענדיק מאָדנע די הענטש-
קעס, וואָס זי האָט געהאַט אַוועקגעלייגט אויף דעם פאָרענטש
פון שטול.

ענדלעך האָט זיך פיאַ באַהערשט.

— איך ווייס נישט, וועגן וואָס מיר קאָנען האָבן צו
רעדן, פרוי האַרטמאַן, — האָט זי געזאָגט אָפּפאַרטיקנדיק זי
— איך וווּנדער זיך, אַז נאָך דעם אַלעם האָט איר נאָך די
דרייסטקייט... איך מוז וועגן דעם מודיע זיין דעם מאַן...

בריגידע האַרטמאַן האָט בעטנדיק אויפגעהויבן די הענט.

— אייער מאַן, פרוי דאָקטאָר, אייער מאַן... אַך, איר זאָלט עס נישט טון, — האָט זי געזאָגט האַלב מיט מורא און האַלב מיט בייזוויליקייט, — מיר דאַרפן אים לחלוטין נישט האָבן. איך בין צופרידן, וואָס מיר זענען אַליין, און איך וועל קאָנען אויסרעדן זיך. הגם איר זענט נישט צוגעגרייט צו מיין וויזיט, וואָס ליידער, אַפילו אַ בלינדער וועט עס דערזען, קאָן איך דאָך נישט העלפן. איך בין אַ מענטש, וואָס קאָן נישט זאָגן קיין ליגנט, און דאָרט, ווו עס זענען דאָ ליגנס, מוז איך עפּע-נען דאָס מויל און זאָל געשען, וואָס עס וויל. דעריבער...

און דאָ איז געקומען אַן אמתער מבול פון ווערטער, וואָס איז געפאַלן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז פּיאַ, וואָס איז געזעסן אומ-באַוועגלעך אויף איר אָרט, וואָלט זיך נישט איינגעגעבן זיי צו האַמעווען.

און וואָס פאַר אַ ווערטער עס זענען אַרויסגערעדט גע-וואָרן!

פאַר פּיאַס אויגן איז דאָס צימער פינצטער געוואָרן, עס איז פינצטער געוואָרן דער הימל, עס איז פינצטער געוואָרן די נשמה.

זי האָט נישט געקאָנט אַנטלויפן; עפּעס שטאַרקערס, ווי איר עקל, ווי איר פיזישער ווידערווילן האָט זי געשמידט, ווי אירע פיס וואָלטן איינגעוואַקסן אין דער ערד און ווען אירע באַקן זענען מיט יעדער רגע בלייכער געוואָרן, די אויגן רונ-דיקער און אָן אויסדרוק, האָט זיך בריגידע האַרטמאַן אויפסניי אויפגעשטעלט פון דער שטול און שטייענדיקערהייט האָט זי אַלץ מער און מער געוויזן דאָס אָפענע לאָך פון איר מויל.

דער הער דאָקטאָר וואָלט עס געקאָנט אויסמיידן; איין וואָרט פון אים און זי וואָלט געשוויגן ווי אַ קבר. קיין שום מענטש אויף דער וועלט שטייט נישט אַזוי הויך ביי איר, ווי דער הער דאָקטאָר לודין.

אָבער אָנשטאָט זיך צו האַלטן ביי איר, וואָס זי האָט אים צענדליקער מאָל געגעבן צו פאַרשטיין, האָט ער זי אויפגערייצט ביז גאָר.

איצט זאָל ער אַ קוק טון, ווו ער איז אַריינגעפאַלן. אפילו אַ וואָרעם שרייט, אַז מען טרעט אויף אים.

קעגן איר האָט זיך אַלץ פאַרשווירן. עפּעס אַנדערש האָט מען אויף איר נביאות געזאָגט, בעת זי איז געלעגן אין וויגל. זי האָט געשטרעבט זייער הויך און זי האָט געהאַט אַ רעכט דערצו.

אויב עמיצער מיינט, אַז זי האָט נישט שילער און געטע אין דער ביכער-שאַנק, אָדער לענוי, וואָס איז געווען אַזוי אומגליקלעך, האָט ער אַ גרויסן טעות.

געוויס האָט זי קיינמאָל נישט געריִמט זיך דערמיט, ווייל באַשיידנקייט שטייט ביי איר העכער פון אַלעם, זי וואָלט בעסער געוואָלט זיך בייסן די נאָז, איידער אַרויספּאָרן מיט איר בילדונג. אַפילו נישט פאַר דער פרוי דאָקטאָר.

אָך, ווען די פרוי דאָקטאָר וואָלט געוווּסט, וואָס זי האָט געליטן. דאָס פאַמיליען-לעבן — זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען. ווי זי האָט ליב געהאַט דעם מאַן. זי האָט אים געלייענט פון די אויגן יעדן פאַרלאַנג. מענטשן האָבן זיך רק געוווּנדערט. און ווען דידאָזיקע ביטרע מויד, קאַראָלינע לאַנק, האָט אים פאַרדרייט דעם קאָפּ, אַז ער האָט געפאָדערט אַ גט, האָט זי געזאָגט צו אים.

— „גוט, גיי דיר דיין וועג, איך וויל מער נישט וויסן פון דיר, און דיין געלט דאַרף איך אויך נישט, קאָנסט אַלץ פאַרשרייבן, ביטע זייער.“

איך האָב שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז ער האָלט שמאָל; ער האָט שוין דעמאָלט געאָטעמט מיט די לעצטע כוחות, וואָס מען האָט דייטלעך באַמערקט, און זיינע שטיקלעך, ווי, למשל, דער גט, אין אַזאַ טיפן עלטער, אין וועלכן ער האָט זיך געפונען, איז אויך געווען אַ סימן, אַז ער האָלט שמאָל... אַזוי איז טאַקע געשען.

פלוצלינג האָט זיך באַוויזן דידאָזיקע שמאַטע מיטן ממזר, די פרוי דאָקטאָר וועט מוחל זיין, אויב מען ד־האָט דאָ עמיצן פאַרגאָסן די הויט מיט שמאַלץ. דאָ איז נישט קיין אָרט צו

שפּילן זיך מיט קאָמפּלימענטן.

זי איז אַריינגעפאַלן צו מיר אין הויז, כּדי צוצונעמען די צוואה. זאָל זי פּגרן אויפן אָרט, אויב זי האָט ערגעץ געזען עפּעס אַ צוואה.

דאָס בלוט איז איר דעמאָלט געקומען אין פּנים אַריין. אָבער באַלד דערנאָך איז געקומען דער הער דאָקטאָר און אַריינגעטריבן אין איר אַ שרעק, אַז איך וועל מוזן אַוועקגעבן אַ טייל פון מיין פאַרמעגן, אָ הייליקע מוטער, דאָס האָט איר נישט געגעבן קיין רו.

די שלעכטע מיינונג, וואָס ער האָט געקריגן וועגן איר האָט איר אויך פאַרשאַפט עגמת־נפש.

דעמאָלט איז זי געגאַנגען אין קאַנצעלאַריע און אויף די קני און מיט אויפגעהויבענע הענט האָט זי אים געבעטן, אַז ער זאָל איר גלויבן.

ער איז מיט דעם אַלעם אויפגערודערט געוואָרן און האָט איר געגלויבט און פאַרריכט איר די עוולה. אָבער דעמאָלט האָט די שמאַטע לאַנץ זיך באַהאַלטן הינטער דערקומס פּלייצעס. און די דערקום פון איר זייט האָט דעם הער דאָקטאָר געמאַכט אַ גהינום, ווי מען קאָן לייכט פאַרשטיין, ווייל די לאַנץ האָט איר צוגעזאָגט צו געבן אַ טייל פון רויב.

דעמאָלט האָט דער הער דאָקטאָר געענדערט דעם פּראָנט. דער מלאכיש־גוטער מענטש איז געוואָרן אַ טייוול און ער מאַטערט זי און פּייניקט זי כּסדר, אַז דאָס לעבן איז איר נמאס געוואָרן.

צי ווייסט די פרוי דאָקטאָר? ווער עס איז די דערקום? ווייסט זי, אַז דאָס איז אַ באַקאַנטע פאַרשוינטע אין דער גאַנצער שטאָט? נו, זי וויל נישט זאָגן, וואָס? צי ווייסט זי, אַז דער הער דאָקטאָר לודין פאַרברענגט ביי איר דהאַלבע נעכט? ער פאַרברענגט אין דערדאָזיקער מלינה פון שפּיל און שכּרות מיט קאָמידיאַנטקעס און אויסגעלאַסענע פרויען. אָ זי האָט דערויף באַוויזן. יאָ, אַזוי איז עס. זי האָט געטשאַטעוועט אויף אים, האָט געפאָדערט דערקלערונגען, האָט גערעדט צו

זיין געוויסן, דערמאָנט די שיינע קינדער פון דער פרוי דאָק-טאָר; ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן.

ער האָט זי אָפּגעשטויסן; ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון איר, הגם ער האָט אַזויפיל אויפן געוויסן, הגם ער האָט צוגע-וואָרפן מיליאָרדן יענער אויסגעלאַסענער פרוי.

די שאַכערקעס אויפן מאַרק רעדן שוין דערוועגן. ער האָט אָנגעפילט דעם בייטל פון דערדאָזיקער אַקטיאָרקע, וואָס שלינגט אַראָפּ מענער, ווי קיכלעך.

חאַלאָ, דאָ רעדט פרוי האַרטמאַן, יאָ. צו אייער דינסט. ניין, ניין, עס מאַכט נישט. ביטע, ביטע זייער...

מיט אַ הייזעריקן קרעכץ איז זי האַרט אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד.

אַ שוים האָט אַרויסגעשווומען פון איר מויל. די גלידער האָבן געציטערט. זי האָט זיך געוואָרפן אין אַן עפּילעפּטישן אָנפאַל.

דער הוט, וואָס איז געווען באַציו׳ט מיט בלומען, האָט זיך איר אַראָפּגערוקט אויף איין אויער, אַזוי אַז נישט געקוקט אויף דער גאַנצער שרעקלעכער סצענע, האָט זי קאָמיש אויס-געזען.

צי איז דערדאָזיקער גאַנצער אָנפאַל נישט קיין סימוליר-טער? — האָט פּיאַ באַוויזן צו פרעגן. — און אפשר איז איר מוח פאַרטונקלט געוואָרן, ווייל עס איז אין אים צו שטאַרק אַריינגעוואַקסן דער שורש פון סימולאַציע? בעת זי האָט זיך פאַמעלעך דערנענטערט צו דעם געשטאַלט, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד, האָט זי זיך אַראָפּגעבויגן, אַנידער-געקניט געפּליסטערט צו איר ווערטער פון מחילה, עקל און רחמנות.

און בעת זי האָט געוואָלט אַרויסגיין און רופן הילף, האָט בריגידע האַרטמאַן זיך אויפגעהויבן און געזאָגט:

— העלפט מיר, פרוי דאָקטאָר. דאָס האַרץ, אָ גאָט, אָ גאָט, דאָס האַרץ. מיינע אָרעמע יתומים. עס איז מיר שוין בעסער. איך בעט, איר זאָלט נישט ווערן אין כעס, פרוי דאָק-

טאָר. אַ דאַנק. גוט, וואָס איך בין געקומען צו אייך און אייך ענדלעך דערזען. גאָט זאָל אייך אָפּהיטן און איר זאָלט מיט קיין וואָרט זיך נישט אַרויסכאַפּן פאַרן הער דאָקטאָר, אַז איך בין דאָ געווען. קיין איין וואָרט נישט...

מיט די הענט, וואָס זענען אַלץ געווען אָנגעטון אין הענטשקעס, האָט זי זיך אָפּגערייניקט דאָס קלייד, טרויעריק זיך אַרומגעקוקט און איינגעזויגען זיך מיט די אויגן אין פּיאָס הענט און דערנאָך אין איר פּנים און געזאָגט:

— איר זענט זייער אַ ווילע, פרוי דאָקטאָר, אַ זייער ווילע.

זי האָט זיך איינגעבויגן אין דער העלפט און אַרויס.

פּיאַ האָט געהערט, ווי זי האָט אויפן הויף גערופן די יתומים און ווי דער גערטנער האָט פאַרמאַכט דאָס טירל. זי האָט זיך שטיל אָוועקגעזעצט אין אַ ווינקל.

האָט זי געדאַרפט הערן דערקלערונגען פון אַ האַלב-וואַנזיניקער פרוי, וואָס האָט זיך אויפגעפירט ווי אין אַ הייל-אַנשטאַלט, כדי צו וויסן און פאַרשטיין וואָס עס קומט פאָר? הגם דער אמת, וואָס איז אַרויסגערעדט געוואָרן פון אַ טונקעלע מאַדאַם, האָט זיך געמוזט פאַרוואַנדלען אין ליגנט, איז דאָך פּיאָס האַרץ ענלעך געווען צו אַ פאָטאָגראַפישער קלישע, וואָס נעמט אויף דאָס, וואָס אפילו דאָס שאַרפסטע אויג באַמערקט נישט. בחנם האָט מען זי פאַרשיט מיט אַנאָנימע בריוו, וואָס האָבן וואַרשיינלעך געשטאַמט פון דעמזעלבן, אָדער פון זיינס אַ קרובהשן קוואַל, וועלכן לודין האָט מיט פאַראַכטונג גרינגגעשעצט.

אומזיסט האָט מען איר צוליב נייגעריקייט געשטעלט פראַגן, דערוועקט ביי איר דעם חשד מיט אָנצוהערענישן און געפּייניקט מיט רחמנות.

זי האָט פאַרגעפילט; האָט באַקומען דאָסזעלבע פאָרגעפיל. דער קאַמף איז אָבער געווען אומזיסט. אָט האָט מען איר אָפּן דערציילט.

וואָס וועט אָבער זיין, אַז אין אַ שיינעם העלן טאָג וועט

י נישט קאָנען אויסהאַלטן דאָס וויסן? זי גיט זיך דערפון נישט
זּף קיין חשבון.

זי קאָן עס פאָרויס נישט אויסרעכענען, מיט קיין שום מאָס.
י האָט נישט געהערט צו די מענטשן, וואָס ווייזן זיך אַליין אַ
ועג, זי מוז וואַרטן, ביז די זאַך וועט רייף ווערן. דערווייל
וועט זי שטיל באַלעבאַטעווען מיטן הויז.

זי וועט העלפן די טעכטער מאַכן די אויפגאַבן, אויב זי
וועט האָבן פעיקייטן. זי וועט שטיל זיך מאַטערן און צוקוקן
זיך, ווי לודין ווערט וואָס-אַמאָל מער שטומער, וואָס אַמאָל
הילפלאָזער, און אַמאָל וועט זי פאַרבאָרגן פאַר אַלע, באַהאַלטנ-
דיק זיך פון רעליס שפּיאָנישע בליקן, צודריקן מיט ווייטיק
און מיט פאַרמאַכטע אויגן צו דער ברוסט דעם קליינע הובערטן.
דער קליינער וועט איינציקווייז אויפבליען אין אַ מענטש. דער-
ווייל איז ער בלויז געווען אַ באַשעפעניש, איצט וועט ער
ווערן אַ זון.

וואָס פאַר אַ וווּנדערלעך וואָרט: אַ זון.

— איר וועט באַוויליקן זיך צו זעצן, הער קעלער, — האָט לודין געזאָגט, ווען דער אַקטיאָר האָט פאַרמאַכט די טאָפּלטיר, וואָס איז פון אינעווייניק געווען אַרומגעקלאַפּט מיט ב״עך.

קעלער האָט זיך אַנידערגעזעצט, דאַנקנדיק שטאַרק מיט אַ באַוועגונג. ער האָט געהאַט אַן אָפּגעלאָזטן און דאַרן גוף, אַ שמאָלן קאָפּ, ווי ביי אַ פיש, און דאָס גאַנצע פּנים זיינס איז געווען מיאוס און קאָמיש און פאָרויס אַרויסגערוקט. אַפילו די אויגן מיט די אומאויפהערלעך פינטלענדיקע ברעמען זענען אים אַרויסגעקראָכן פון הינטערן שטערן. זיין שטערן האָט ווי דער-שראָקן געצויגן צו באַהאַלטן זיך אין שאָטן און איז געווען באַ-וואַקסן מיט שיטערע שמוציק-ברוינע האָר.

לודין האָט גלייך באַמערקט זיין שעמעוודיקן און צוטרוי-לאָזן בליק. וואָס האָט בלי-ספק געשטאַמט דערפון, וואָס ער האָט זיך אַזאַ לאַנגע צייט געפונען אין משוגעים-הויז. עס האָט זיך געדאַכט, ווי ער וואָלט געוואָרט, אַז עס זאָל אַריינקומען אַ דאָקטאָר, אָדער אַ וועכטער. חוץ דעמדאָזיקן האָט זיין אויפפי-רונג געוויזן אַ גרייטקייט צו ווערן חבריש מיט דער גאַנצער וועלט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע אַקטיאָרן. ער איז געווען רויק, עס איז נישט געווען צודערקענען ביי אים די מינדסטע גייסטיקע שטערונג; בלויז אין זיינע נערוועזע גע-זיכטס-שטריכן האָט זיך געמאָלט אומרויקייט, וואָס האָט געשטאַמט דערפון וואָס מען קאָן אים חושד זיין, און לודין, וועלכער האָט געהאַט די געלעגנהייט צוזאַמענצוטרעפן זיך מיט פאַרשידענע

מענטשן, האָט זיך אויפגעפירט אַזוי, אַז ער האָט דעם נישט זיכערן מענטש אַרייננעגעבן זיכערקייט אין זיך.

נאָך אַ לענגערן שמועס, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט באַרירט די אייגנטלעכע טעמע, האָט אַרנאָלד קעלער זיך אָנגערופן מיט זיין קליגנדיקן, בערלינער און זייער קאָמישן באַס:

— ווי איר זעט, הער דאָקטאָר, געפין איך זיך אין אַ פאַרשאָלטענער, אומאָנגענעמער לאַגע. איך בין געקומען דאָ אַהער צופאָרן און איך בין דאָ. אָבער לויִ באַהאַלט זיך. איך וויל זיך איר נישט אָנוואַרפן, פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט, הגם, איך בין איר ריכטיקער מאַן. מען קאָן אויך זאָגן, אַז זי איז פטור געוואָרן פון מיר אויף אַ נישט-שיינעם אופן, אויף אַ זייער נישט-שיינעם אופן. זי האָט מיר איינגערעדט: אַ הייל-אַנשטאַלט און אַזוי ווייטער. מיינע נערוון זענען דאָך געווען צעטרייסלט; גוט אָבער אַ הייל-אַנשטאַלט — דאָס איז נישט קיין חוזק. אַ שרעקלעכע זאַך, הער דאָקטאָר, זייער אַ שרעקלעכע זאַך. לאָזט אייך, הער דאָקטאָר, פאַרשליסן אין אַזאַ נאָרע און וועט זיך מיט מיינע שיך קעגן אייער קראַוואַט-שפּילקע, אַז נאָך צוויי שעה באַקומט איר אַ מות-דערשיטערונג דערנאָך וועט עס דערגיין דערצו, אַז מען וועט קאָנען זאָגן:

— ET SE CUM PETVLANE A MENIA CERTAT.

מעג איך פאַררויכערן אַ ציגאַר?

לודין האָט אים שנעל דערלאַנגט זיין ציגאַרן-טאַש. דערהערנדיק דעם לאַטייניש ציטאַט, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן. זי האָט געקלונגען אַ ביסל צו פאַטעטיש אין דעם גאַסטס מויל; וואָס עס זאָל נישט זיין האָט ער עס נישט דערוואַרט.

— איך שטאָלציר דערמיט, וואָס איך קאָן ווערטלעך פון די אַלטע רוימער — האָט דער אַקטיאָר ווייטער געצויגן מיט דער מינע פון אַ קלאָון? — אָבער איך וויל אייך נישט צונעמען צופיל צייט, הער דאָקטאָר. BREVETIS ווי באַקאַנט, THE SOUL OFVIT איר זענט דאָך לויִס יורידישער פאַרטרעטער. אַ שווערע פאַרטרעטערשאַפט, ווי איך ליב גאָט, ווער זאָל דען עס וויסן בעסער פון מיר; נו, קורץ גערעדט, וואָלט איך גע-

וואָלט בעטן איר זאָלט זיך אריינמישן אין מיין ענין.

— מיט וואָס? רעדט קלאָרער.

— מיט פאַרגעניגן וועל איך רעדן קלאָרער. מיט איר, צי אָן איר — דערצו בין איך געקומען. איר וועט דערלויבן, אז איך וועל אייך אַ ביסל אויפקלערן.

ער האָט אַ הוסט־געטון, האָט ווידער געמאַכט עפּעס אַ באַרישע גרימאַסע, וואָס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געכאַפּט לופט, אָבער זיך געווישט די ציין און ווידער אָנגעהויבן:

— איר פרעגט מיך, פאַרוואָס? אַן איינפאַכע זאַך: זי האָט געהאַנדלט מיט מיר אַזוי נידערטרעכטיק, אַז זי וויל זיך נישט זען און נישט טרעפן זיך מיט מיר. נעכטן האָב איך זי עטלעכע מאָל אָפּגעהיטן, איך בין געגאַנגען צו איר אַזש ביז צו די טרעפּן; דערמיט האָט זיך עס געענדיקט; נאָך אַזעלכע עולות, וואָס זי איז באַגאַנגען לגבי מיר, האָב איך נישט געהאַט קיין מוט צו ווייזן זיך פאַר איר אויף מיינע צוויי פיס. אַ האַמלעט־פּאַראַדאָקס, מיין הער. העלדישקייט, קאָנט איר דערפון אַרויס־דרינגען, איז נישט מיין פאַך. ווען איך וואָלט אין ווייטן אַל־טערטום געטראָגן אַ שווערט אָנשטאָט היינט צו טראָגן דעם פּאַקל פון דער מעדיצינע, וואָלט מען צו מיר נישט געפינען קיין תחבולה. איך בין נישט קיין פּלוידער־זאַק, הער דאָקטאָר, און אַלס באַווייז טרעט איך גלייך צו צו דער זאַך. איר וועט אַזוי גוט זיין און מודיע זיין לויזן, שריפטלעך. אָדער מינדלעך, אָדער געבן איר צו פאַרשטיין, אָדער פאַרזיכערן, זי, אַז זי ווי איר וועט איינגעפינען, אַז איך האָב נישט צו איר קיין שום פּרעטענציע, מיטן באַדינג, אַז זי וועט די נידערטרעכטיקע טאַט, אָדער פאַרברעכן,—ווי איר ווילט קאָנט אירע אָנרופן דאָס פאַר־ברעכן, ווייל עס איז געווען אַ פאַרברעכן, הער דאָקטאָר, נו, הייסט עס. אַז זי וועט נישט נעמען פאַר אומגוט איר פאַרברעכן. און איך בעט קלאָר און דייטלעך, אָדער איך וויל, אַז זי זאָל באַ־וויליקן — אָדער געפינט הער דאָקטאָר עפּעס אַן אַנדער בעסער וואָרט אין ווערטערבוך פון סינאָנימען, — אַז זי זאָל מיך ווייטער נישט פּייניקן און נישט פאַרשאַפן קיין צרות מיטן פאָדערן

אַ גט, גאָר קורץ און בינדיק זיך אויסצודרוקן, זי זאָל זיך אומקערן צו מיר, ווייל איך קאָן נישט לעבן אָן איר, גענוג קורץ הער דאָקטאָר? איך קאָן נישט לעבן אָן איר. איך בין אַן אַרטיסט. לאָמיר דאָס אָננעמען, איך האָב די קונסט, אָדער די קונסט האָט מיך, אָדער זאָג: Nulla ars in sever santir איך קאָן נישט לעבן אָן איר. אָט איז אַלץ, ווי ווייט מעגלעך — אַלץ. איך וואָלט געמוזט, אויב איר וועט דערלויבן, אויב מען מעג אַזאַ לייכטזיניק וואָרט אַרויסרעדן אין דעמדאָזיקן צימער, וואָס איז געווידמעט דעם געזעץ — איך האָב געוואָלט. געמוזט ענדיקן מיט זיך אָבער דאָס זאָג איך אייך, הער דאָקטאָר, און פאַרטרויִלעך, אָט אַזוי זיך אַלס מאַן צו אַ מאַן. דאָס וואָלט נישט געהייסן קיין מאָראַלישע אויפצווינגונג, נאָר אַ קאַלטער, נאַרישער, פּשוטער פאַקט.

אַ מאָדנער-געריירטער, אויפבויגנדיק דעם קאָפּ אויף הינטן, האָט לודין געקוקט אין אַקטיאָרס פּנים. ער האָט נישט געזען דערין קיין דייטלעכע ערנסטקייט, ער האָט נישט געזען קיין חוזק, אָדער סאַרקאַזם.

ער האָט צום דריטן באַמערקט אַ גרימאַס, וואָס האָט תּיפף איינגעשלונגען אַלע דידאָזיקע אַרט געפּיל-אויסדרוקן. אָבער אַ דאַנק זיין קענען די מענטשלעכע נשמה, האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז עס האַנדלט זיך דאָ נישט וועגן אַ באַרימערישער דראָזונג, אָדער וועגן אַ וואָרט-שפּיל פון אַ קאַבאָטינער, נאָר אַז צווישן שעמעוודיקע, פלוידערנדיקע ווערטער זעט זיך אַרויס אַ פאַטאַלע אומפאַרענדערלעכקייט.

ער האָט געשוויגן, אָנגעשפּאַרט מיטן עלנבויגן אויפן שרייבטיש, מיטן קאָפּ אויף דער האַנט, בשעת אַרנאָלד קעלער האָט מיטן באַס פון אַ קאָמיקער געצויגן מיט אַ כלומרשטער גוטהאַרציקייט.

— איין רעמיניסצענץ, זייער חשובער הער, צום ענין. איך האָב דידאָזיקע לוי אַרויסגעשלעפּט פון הינטן. SIT VENIA VERBO איך האָב זי פּשוט אַרויסגעשלעפּט פון רינשטאָק. עס איז פאַראַן אַ געוויסער ערנעפאַלדט. אפשר אַ גענialer מענטש,

אפשר אַ מענטש מיט כאַראַקטער. די גענים און כאַראַקטערן וואַרפן אים אָבער יאָר־איין יאָר־אויס פון האַנט צו האַנט, נישט וויסנדיק וואָס אָנצוהויבן מיט אים. אָט דערדאָזיקער ערנעפּאָלדט באַרימט זיך, אַז ער האָט עס אַנטדעקט די לוי. איך האָב נישט בדעה זיך צו שפּאַרן מיט אים וועגן אָט דער גרויסער טאַט. בלויז ער האָט — איך וויל זיך אויסדריקן פּאָרזיכטיק — אָנגע־הויבן אויסצונוצן זיין דאָזיקע אַנטדעקונג.

ער האָט זי אַריינגעפּירט צו זיך, און לוי, וואָס האָט נישט קיין געפיל פאַר מאָראַלישקייט און וואָלט גערן אויסגעפּוצט איר בודואַר מיט די קעפּ פון אירע פאַרערער, איז אים געפאַלן אין די אָרעמס, זייענדיק אַנציקט פון שיינעם בריוו־טרעגער און לאָקאַי.

נו, לאָמיר זיך אומקערן צום דערמאָנטן רינשטאָק. איך וואָלט געשטעלט אַן אומפאַרשעמטע פאָדערונג אייער פאַנטאַזיע, ווען איך וואָלט פאַרלאַנגט, איר זאָלט זיך פאָרשטעלן דעם־זומפּ, אין וועלכן לוי האָט געשטעקט, בעת איך האָב צו איר אויסגע־שטרעקט די האַנט.

מיך אַליין האָט אַדורכגענומען דער ריח פון זומפּ. קיין איין גאַנצער זאַך, קיין איין נישט־געלאַטעט העמד, די נויט אָן מייטקעס.

זי איז געווען אַרומגערינגלט מיט לאָבוזעס און אונטער־וועלט־העלדן, זי איז געווען אויסגעזויגן ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט דורך אַ טינגל־מעסער־העלד, וועלכער האָט געהאַנדלט מיט מענטשלעכע נשמות. האָט זי נישט געהאַט קרעץ און לייז? איך קאָן נישט שווערן, אַז ניין.

איך בין אַריין אין דער קאַלוזשע און אַרויסגעצויגן דאָס מיידל.

קודם־כל האָט מען זי געדאַרפט דערנערן, דערנאָך האָט מען זי געדאַרפט באַקליידן. בכלל האָט מען געדאַרפט פון איר מאַכן נאָכאַמאָל אַ מענטש. און ערשט דעמאָלט האָב איך דערזען, וואָס פון איר איז געוואָרן. און דעמאָלט האָב איך זיך מיט איר פאַרנומען.

דאָס, וואָס האָט זיך געוויזן, איז געווען פּרעכטיק, הער דאָקטאָר, גלויבט מיר, און וועגן דעם ווייסט איר אויך היינט, בעת אַלע ווייסן שוין דערפון. אָבער עס איז געווען אַ משוגע־נע אַרבעט צו שלייפן דעמדאָזיקן דימאַנט. איך געדענק נישט, אַז איך זאָל האָבן ערגעץ אַנדערש אַוועקגעגעבן אַזויפיל שוויס און בלוט. אָבער אין בוך פון זודל איז געווען פאַרשריבן, אַז עס וועט קאָסטן מער בלוט.

בעת דערדאָזיקער גאַנצער געשיכטע, האָב איך נישט גע־האַט קיין באַזונדער כוונה, ווייט נישט די כוונה, אַז איך וועל זי האַלטן געפאַנגען.

מיר מענטשן פון טעאַטער האָבן דאָס האַרץ פאַר זיך, הגם מענטשן פונדרויסן פלוידערן וועגן אייפערזוכט און שנאה. גוט, אייפערזוכט און שנאה; קיינער וויל נישט לאָזן, אַז מען זאָל אים שטויסן אין דער מאָרדע, און דאָס ראַמפּע־ליכט איז אַ טייוולאָניש פייער.

אָבער ווען עמעצן פון אונז טרעפט עפּעס שלעכטס, גע־פינען זיך באַלד צוואַנציק הענט און מען איז אויף אַן איידעלן אופן זיך מער מקריב אין שאָטן, ווי — זאָל איך אָנרופן יענע חערן? — נו, לאָמיר אָננעמען, ווי צווישן די צוקוקער. אָבער פון דער שיינער חברשאַפט מיט לוי איז אַרויסגעוואַקסן עפּעס אַנדערש.

דאָס, וואָס מיר האָבן בקרוב חתונה געהאַט, איז געווען, ווי מען שיט זאַלץ אויף ברויט־מיט־פּוטער. איך האָב דאָס גע־וואָלט. איך האָב געמיינט, אַז זי וועט אַזוי־נאָך ווערן זיכערער פאַר מיר.

און ווען איך וואָלט געוואָלט דערציילן וועגן מיין פאַ־מיליען־לעבן, וואָלט איך געמוזט שטעלן גרעסערע פאָדערונגען אייער פאַנטאַזיע, איידער אַ לייכט־גלויביקייט; גרעסערע פאָדערונ־גען, ווי פריער.

אַ סך זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ פּאָרס, יעדנפאַלס אַ טרויעריקער פּאָרס. אַנדערע האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ טראַ־געדיע. בפרט די, וואָס האָבן מיך נענטער געקאָנט, דידאָזיקע

האָבן געהאַט אַ בעסערן ריח. האָט איר זיך צוגעקוקט, בעסטער הער, וואָס אַ קאַץ טוט מיט דער מויז דעמאָלט, ווען זי האָט זי געפּאַקט פאַרן קאַרק? זי גיט איר, נישט אמת, אַזעלכע לייכטע, צערטלעכע קלעפּ אויף רעכטס און לינקס, פּונקט ווי זי וואָלט זיך געשפּילט מיט איר קרבן. אָבער מיט יעדן פון דידאָזיקע לייכטע קלעפּ דערהרגעט זי איינציקווייז די אָרעמע מויז.

אָט האָבן מיר געהאַט אַ קאָמישן פאַרס און אַ טרויעריקע טראַגעדיע.

אַן אויסערגעוויינלעכער עפעקט איז געווען דאָ און דאָרט איר וועט נישט פאָדערן קיין פרטים. וואָס זאָגן פרטים? איין פּרט זאָגט גאָרנישט, אַלע צוזאַמען זענען אַ ראָד, אין וועלכן מען איז אַריינגעפלאָכטן.

איך האָב געפילט, ווי יענער באַרימטער מאַן, וואָס איז מיטן פערד אַריינגעפאַלן ביינאַכט אין אַ זומפּ. וועגן פאַמיליען־לעבן האָט, אייגנטלעך, נישט געקאָנט זיין קיין רייד. עס זענען געווען צופיל טירן אין שלאָפצימער; עס זענען געקומען זכרים, ווי זיי וואָלטן געגומען אַן אַבאָנאַמענט. קיין ליבע־געשיכטע האָט מען עס אויך נישט געקאָנט אָנרופן, ווייל מיר זענען געזעצלעך געווען פאַרבונדן.

מיר וועלן עס דעריבער אָנרופן פאַמיליען־לעבן מיט תאווה אַלס צולאָג.

די געפערלעכסטע זאַך, וואָס איז פאַראַן. עס איז געווען אַ תאווה, אַן איינזייטיקע, אַ פאַרצווייפלטע, אַזאַ, וואָס נעמט צו דעם מענטש דעם כבוד און די ווערדע און דערנידריקט אים צו דער מדרגה פון אַ הונט, מאַכט פון אים אַ בעטלער און קאַליקע אויפן האַרץ.

וואָס זאָל איך שווייגן דערוועגן? אַזוי איז עס דאָך געווען. און ווען איר וועט מיך פרעגן: ווי קאָן אַ מענטש אויסהאַלטן יעדן טאָג מיט אַ דאַמאָקלעס־שווערט איבער זיך און מיט דעם פולן באַוווסטזיין, אַז ער איז אָפּגענאַרט, באַשווינדלט, אויסגעלאַכט, טאָ מוז איך ווידער ענטפערן מיט אַ ציטאַט

און דאָ מיט אַ ציטאַט פון קאַטולן: SIFVRTIVA DEDIT NIGRA MUNUSCULA NOCTE איר פאַרשטייט מיך, קערפּער. שטענדיק אַ ביי ביסן. קיינמאָל נישט זאַט. בלויז צו לאָזן זיך אונטער־צערטלען, ווי עס טוען חיות־בענדיקעז און אויב די גאַנצע מיאוסע געשיכטע איז געוואָרן סקאַנדאַלער, איז עס דערפאַר, ווייל מען האָט זיך געבריהט. אַזאַ מאַן, אַן אָקס, קאָן אין אַ שיינעם טאָג אַריינפאַלן אין גרימצאָרן און נקמה נעמען. צוליב אָט דערדאָזיקער סיבה און צוליב דעם, וואָס מיין שכירות האָט מען שוין מער נישט באַדאַרפט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה מיט אַ הייל־אַנשטאַלט.

אַ טייוולאָניש־נידערטרעכטיקע געשיכטע: בעת איך האָב זיך געפונען אינמיטן, האָט שוין נישט געהאָלפן קיין פאַרטיידיקן זיך מיט הענט און פיס, קיין געבעט און טענות. ביז היינט וואָלט איך דאָרט געזעסן, אויב איינע פון די רויטע צייטונגען וואָלט זיך פאַרעקשנט נישט אָנגענומען פאַר מיר. און אָט בין איך נישט אַהערגעקומען צו דעם, כדי צו פאָדערן מיין רעכט, ווי מען רעדט געוויינלעך. זאָל גאָט באַהיטן. וווּ איז דאָ פאַראַן רעכט? וווּ עקזיסטירט בכלל רעכט?

איך וואָלט בלויז געוואָלט שליסן אַזאַ מין שלום און, עס איז נישטאָ קיין מורא, אַז איך וועל זיך איינשפּאָרן ביי פערצן פונקטן, הגם אַלע פערצן פונקטן וואָלטן צוגאַנגען ווי אַ רויך.

עס האַנדלט זיך בלויז וועגן איין פונקט. בלויז וועגן דעם, אַז לויִ, — ווי אַזוי זאָל איך זיך אויסדריקן, — בלויז וועגן דעם, אַז לויִ זאָל־ מיך ליידן, זי זאָל מיך ליידן נעבן זיך.

זי מוז נישט אומבאַדינגט לעבן מיט מיר. זאָל אַליין בלייבן אַזוי ווי עס איז. זאָל זי מיר באַשטימען צען טאָג אין יאָר, ניין, אַכט טאָג אין יאָר... זאָל זי זיי מיר, לאָמיר זאָגן, שענקען. זייט איר עס איר מודיע, הער דאָקטאָר, אַכט טאָג אין יאָר, נישט קיין אַכט נעכט—אַזוי פרעך בין איך נישט. עס זאָל מיר בלויז דערלויבט צו זיין צו קומען צו איר, עס זאָל מיר דער־

ליבט זיין צו זיין מיט איר אין איין שטוב. איך זאָל זי קאָנען הערן און זען.

האָט מיך נישט פיינט פאַר מיין אומהייליבאַרקייט, טוט עס נישט, איידעלער מענטש, וואָס האָט מיך אַזש ביז איצט געדול־דיק אויסגעהערט.

גיט אַ טראַכט, דאָס איז אַ סם, וואָס שטעקט אין בלוט. גיט אַ קוק אויף מיר: אַ חורבה. אַכט טאָג אין יאָר, הער דאָק־טאָר. רעדט צו איר געוויסן; זאָגט איר, אַז עס האַנדלט זיך וועגן טויט אָדער לעבן, וואָס מאַכן ביי איר אויס אַכט טאָג אין יאָר? קאָן איך פאַררויכערן נאָך אַ ציגאַר.

לודין האָט אָן וואָרט געקוקט אויפן טיש. באַלד האָט ער אָנגעהויבן צו הוסטן; אַ באַרג האָט אים אין האַלז פאַרשטעלט דעם אָטעם.

ער איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום טיש, אָנגעגאָסן זיך פון דער קאַראַפקע אַ גלאָז וואַסער, וואָס ער האָט גיריק אויסגעליידיקט, ווי עס וואָלט אין אים אַלץ געברענט, זיינע אויגן-ווייכסלען זענען געווען פאַררויטלט, די ברעמען האָבן זיך באַוויזן, די גאָמבע האָט געציטערט.

ער האָט זיך אומגעקוקט, ווי די ווענט וואָלטן אים גע־פרעסט, און ענדלעך האָט ער זיך אָנגערופן:

— ווייסט איר, אַז פרוי לוי איז היינט אַרויסגעפאָרן אויף אַן אַרטיסטישער טורנע, און אַז זי וועט ערשט אין אַ וואָך אַרום קומען?

— איך וועל וואַרטן אַ וואָך. דאָס איז אַ קלייניקייט, הער דאָקטאָר. דאָס, וואָס ס'ווערט אָפּגעלייגט, קומט נישט אַוועק.

לודין האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— היינט האָבן מיר דעם דרייאונצוואַנציקסטן מאַי, — האָט ער געזאָגט, נעמענדיק אין האַנט אַריין אַ נאָטיץ-בוך, — קומט צו מיר דעם צווייטן אַפּריל, אַרום פינף נאָכ־מיטאָג.

דער אַקטיאָר איז אויפגעשטאַנען.

— קאָן איך האָפן, אַז...

— איך וועל פּרוּוון, — האָט לודין געזאָגט אָנגעכמורעט — וואָס דער רעזולטאַט וועט זיין, איז נישט באַקאַנט. בלויז די דיסקוסיע איז אַ ריזיקע.

— געוויס, איך פאַרשטיי עס. אָבער איך האָב צו זיך גרויס צוטרוי. אויף יעדן פאַל האָט איר מיין אַדרעס: „האָטעל אונטער די דריי קראָנען".

ער האָט געגומען דעם שוואַרצן האַרטן קאַפּעלוש, וואָס אויף זיין ראַנד האָבן זיך געפונען די הענטשקעס, האָט זיך טיף פאַרנויגט און איז אַרויס.

לאָמיר זיך גאָך אַוועקשטעלן אויף אַ ווײַלע פאַר דער קאַמעראַ אבסקוראַ פון לעבן און מיר וועלן דערזען אַריינגיין אַ דערשלאָגענע פרוי פון אַ יאָר פערציק, אַ דיסקרעטע, אָבער אַ גוט אָנגעטוענע, וועלכע דערציילט לודינען איר געשיכטע, וואָס צוזאַמען מיט דעם, וואָס ער האָט געהאַט פון אַקטיאָר, דערוועקט אין זיין מוח דעם געדאַנק: צופיל, שווער איבערצוטראָגן.

די פרוי הייסט, אַננעט גמעליוס. זינט אַכצן יאָר איז זי די פרוי פון אַ סוחר, וואָס איז יונגער פון איר מיט דריי יאָר. די הייראַט האָט נישט געגעבן קיין קינדער. זי איז דעם מאַן געבליבן געטריי, הגם שוין אין די ערשטע יאָרן פון זייער פאַמיליען-לעבן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אַנדערע פרויען. ער איז שטענדיק געגאַנגען אויף עפּעס געהיימניספולע וועגן; לכתחילה האָט זי עס בלויז געפילט; שפּעטער האָט זי דערקענט זיין אויפפירונג דורך פאַרשידענע סימנים, צום סוף האָט זי עס נישט געקאָנט באַהאַלטן; עס איז געקומען צו קריגערייען; דערנאָך האָט ער פול מיט חרטה געבעטן, זי זאָל אים מוחל זיין; אָבער אין אַ פּאָר וואָכן ארום, אָדער אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן אויפסניי, ווי מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן, חאָט דאָס זי איינציקווייז פאַרמאַטערט, זי האָט פאַרלוירן די האָפנונג און רעזיגנירט פון פאַרלאַנג צוריק צוגעווינען אים. ער האָט זי אַלץ מער פאַרנאַכלעסיקט. ער האָט געזוכט פאַרגעניגן און האָט צום פאַרגעניגן דערגרייכט. אַז זיין פרוי האָט געליטן — דאָס האָט ער נישט באַמערקט. ער האָט נישט באַמערקט.

ווי זי ווערט גלייכגילטיק צו אים און שפּעטער ווערט די גלייכגילטיקייט פאַרוואַנדלט ווערן אין עקל.

צוואָס דאַרפט ער לייגן דערויף אַכט? די ערשטע איז פּונקט דיזעלבע, וואָס די צווייטע. איינציקווייז איז זיין פרוי פאַרזויערט געוואָרן; פאַרזויערט — אַ טרעפלעכער אויסדרוק. קיין שום זאַך האָט זי מער נישט געפרייט. זי האָט זיך אָפּגעוויינט צו לאַכן.

איינמאָל האָט ער געוואָרפן אַ וואָרט וועגן אַ גט. זי האָט קורץ דערקלערט, אַז זי איז קעגן דעם. זי האָט נישט געזאָגט פאַרוואָס; זי האָט אים בלויז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ניין, בשום אופן: ניין. אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס זאָגט זי זיך אָפּ צו גטן זיך? גטן זיך. שיידן — דאָס וואָלט דאָך איצט געווען אַ גאַנץ קלוגע זאַך. דאָס ווייטערדיקע צוזאַמענלעבן פירט בלויז צו מחלוקתן און ביטערנישן. אַזוי דאַרף טאַקע זיין. ער קאָן אָנהויבן אַ ניי לעבן, איר לעבן איז געענדיקט, פאַר אים האָט דאָס צוזאַמענלעבן גאָרנישט באַדייט. ער האָט געהאַט אַזוי פיל און אַזוי פיל יאָרן אַ געהאָרכזאַמע באַלעבאָסטע און אַ בשותּפותדיק בעט.

איצט, האָבנדיק זעקסאונדרייסיק יאָר, פילט ער זיך, ווי ער וואָלט אַלט געווען צוואַנציק. פאַרדאָס איז זי אָבער פאַרמאַטערט און צעריסן, און האָט שוין נישט וואָס צו דערוואַרטן, האָט נישט קיין שום זאַך, וואָס זאָל זי אויפוועקן, און זי קאָן טוען איינס: אָוועקלייגן זיך און שטאַרבן.

דער מענטש וויל דאָך פאָרט עפּעס דערגרייכן, פילן זיך און די כוחות און עפּעס נאָך אויפטון.

נאָך עטלעכע מאָל. האָט ער געפּרוווט צו פועלן, זי זאָל נעמען אַ גט, דערנאָך האָט ער זי געלאָזט צורו און געלעבט דערמיט, וואָס דער גורל האָט געבראַכט.

אין איינעם אַ טאָג האָט ער געבראַכט אַהיים אַ יונגן סובּיעקט פון געוועלב, אַ פרייליכן יונגן בחור.

זיי ווילן זיך אויסגעצייכנט אַלע דריי.

דער יונגערמאַן איז איר געפעלן, זי האָט אויך, ווייזט

אויס, געמאַכט אויף אים אַן איינדרוק. דער גאַסט ווייזט עס באַלד אַרויס; ער שיקט איר בלומען, שרייבט עטלעכע לירישע בריוו און ווען גמעליוס פאָרט אַרויס, ברענגט ער איר בילעטן אין טעאַטער; זי גייט מיט אים אויף אַ פאָרשטעלונג, נאָך דער פאָרשטעלונג זענען זיי צוזאַמען אויף אַן אָונטברויט, דעם צווייטן טאָג — ווידער דאָסזעלבע.

זי פילט זיך, ווי די יוגנט וואָלט זיך ווידער אויפגעלעבט אין איר, זי פילט זיך אַזוי ווייטיקלעך פריילעך; זי האָט נישט געגלויבט, אַז עס זענען נאָך פאַראַן אין איר אַזעלכע געפילן, זי פילט, ווי דאָס אייז אַרום איר וואָלט צעגאַנגען.

און בעת דער יונגער מענטש ווערט וואָס אַמאָל מער צו-דרינגלעכער און ליידנשאַפטלעכער, טראַכט זי זיך: אָך, זאָל איך אויך כאָטש איינמאָל געניסן. וואָס וועט דאָס הייסן אין פאַר-גלייך מיט דעם, וואָס דער מאַן האָט מיר געטון, און זי גיט זיך איבער.

דעמאָלט ווייזט זיך אַרויס, אַז מען האָט זי געּנאַרט מיט אַ שענדלעך שפּיצל.

דער יונגער מענטש, אַן איבערגעקויפטער שאַרלאַטאַן, גיט דעם אָפּגעשמועסטן צייכן און דער מאַן באַווייזט זיך אין דער טיר.

אַלץ איז געווען אָפּגערעדט, און דער יונגערמאַן האָט באַ-קומען באַצאָלט פון גמעליוסן.

ער האָט זיך געלאָזט איבערקויפן, כדי דער מאַן זאָל אים און זיין פרוי פּאַקן אויפן ברענענדיקן פּונקט, און ער זאָל קאָ-נען באַקומען אַ גט. יאָ, ער האָט אים געקויפט.

איצט איז זי די שולדיקע. עס קומט איר נישט קיין טייל פון פאַרמעגן; אַפילו נישט קיין אַלימענטן.

— יאָ, איך האָב מיך געלאָזט אַרויספירן אין פעלד, — האָט די פרוי געענדיקט, — און איצט וואָלט איך געוואָלט וויסן, צי איך טאָר גאָרנישט זאָגן קעגן דעם אַלעם, צי איך קאָן גאָר-נישט טון.

— אומדערהערט, אומדערהערט — האָט לודין געשעפּטשעט.

— יאָ, אומדערהערט, — האָט די פרוי זיך אָנגערופן מיט ביטערניש.

ער האָט זיך מיט איר אָפּ געזעגנט מיט דער פאַרזיכערונג, אַז ער וועט זיך פאַרנעמען מיט איר ענין. און בעת ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט דער געדאַנק: גענוג, גענוג, גענוג, דאָס איז נישט איבערצוטראָגן, זיך פאַרקערפּערט אין ווערטער.

## LI

אַזוי ווי מאַיאַ האָט אים געהייסן מיטטיילן, אַז זי איז קראַנק, איז ער צוזאַמענגעגאַנגען אַוועק צו איר. ער איז געווען באַרוישט און ער האָט זיך קערפּערלעך געפילט, ווי אַ מענטש, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון דער הייך.

אָנקומענדיק אַהין, האָט ער געטראָפן אַרויסגיין פון איר צימער עטלעכע מענטשן, מענער און פרויען. ער האָט צווישן זיי באַמערקט אַ זקן, אַ דאַמע אין הויכן עלטער און צוויי יונגעלייט. אַלע האָבן געצויגן זיין אויפמערזאַמקייט מיט די רויקע, שלווהדיקע און כמעט שטראַלנדיקע פּנימער. עפּעס אומשולדיקס איז געווען אין זייער האַלטונג. זיי האָבן גערעדט שטיל און פאַרזיכטיק, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז זייערע ווערטער קאָנען נאָך עמעצן אַרן. אַ מאַן אין מיטלען עלטער, מיט אַ שוואַרצער באָרד און אין ברילן, האָט געהאַט אַזאַ קינדעריש, ריין און כמעט אומבאַפלעקט פּנים, אַז לודין האָט זיך אינסטינקטיוו אָפּגעשטעלט מיט אַ טראָט און געקוקט אויף אים מיט פאַרוווּנדערונג.

דאָס זענען געווען מאַיאַס באַקאַנטע, און גלויבנס-חברים.

— ווי אַזוי קאָן מען ווערן אַ מיטגליד פון אייער בונד?

— האָט ער געפרעגט, זיצנדיק ביי מאַיאַס בעט.

— מען מוז פאַרמאָגן גלויבן, — האָט זי געענטפערט,

— גלויבן? וואָס פאַר אַ גלויבן?

— מען דאַרף גלויבן אין דעם אייביקן, נישט פאַרניכטבאַרן וועזן.

— איר מיינט גאָט?

דער באַגריף גאָט פאַרייניקט זיך נאָך דערווייל מיט אַן עקזיסטירנדיקער רעליגיע. אָבער מיר האָבן נישט קיין געמיינזאַמס מיט קיין איינער פון די רעליגיעס, ווייל מיר באַזיצן נישט קיין דאָגמאַטן, קיין קירך. מיר דערקענען דאָס וועזן דורך השתּפּחות־הנפש און פאַרטיפן זיך אין זיך.

— גוט, אָבער ווי אַזוי געווינט מען דעם גלויבן?

— דורך אָפּזאָגן זיך, ריינקייט און געדולד.

— זענען דידאָזיקע אַלע מענטשן ריין?

— אַלע.

ער האָט געקוקט אויף איר אַ שטומער, אַן אָפּהענטיקער. איר שטענדיק בלאַס פּנים האָט זיך באַגאָסן מיט פייער. זי האָט גערעדט שטאַמלדיק.

— ווען די עלעמענטאַרע קראַפט פאַרקנעכט אונז אין אַ נישט־שלמותדיקן מצב, וואַקסט דער כּוח פון בענקשאַפט; אַ פיינטלעכער פּרינציפּ קאָן ווירקן אויף דער נשמה ווי אַ שטורעם.

— עס שטעקט דערין גענוג פרומער שווינדל, — האָט לודין געענטפערט; — אַ סך זאַכן מאַכן מיר זיך קלאָר דערפאַר וואָס מיר ווילן זיך באַוואָפענען קעגן דער שטים פון געוויסן. אָדער קעגן דער שטים פון בלוט.

מאַיאַ האָט זיך אָנגערופן מיט אַ בעטנדיקן בליק.

— אָפט טראַכט איך פון אייך, ווי וועגן אַלץ־וויסנדיקן דאָקטאָר. דעמאָלט וויל איך מיך אַריינקריגן אין אייערע הענט.

לודין האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן.

— איך האָב לאַנג שוין אייך געוואָלט דערציילן וועגן דמונדן, — האָט מאַיאַ ווידער גענומען אַ וואָרט, — בפרט, ווען איך האָב נאָך נישט אויפגעקלערט פאַר זיך אַליין, צי אויך איך בין נישט אַמאָל שולדיק אין דעם חורבן פון זיין פאַמיליען־לעבן, אויב מען קאָן בכלל רעדן וועגן שולד. די באַציונגען צווישן מאַן און ווייב זענען דאָך נאָך פריער אָנגעצויגענע. ער האָט עס גאַנץ גוט געוווּסט. זי האָט עס נישט געוואָלט וויסן.

לכתחילה האָב איך אַפילו געוואָלט זיי נענטער ברענגען. איך האָב געפילט אַ הייליקן פחד שטייענדיק אָט פאַר דעם פאָר-פאָלק, וואָס איז צוזאַמענגעבונדן געווען דורך דער חתונה. דאָס איז געווען פאַר מיר עפּעס נישט-אומבאַרירלעכס. אויך עדמונד, בשעת איך האָב אים דערקענט, האָט טראַקטירט דאָס פאַמיליען-לעבן, ווי אַ הייליקן סאַקראַמענט. נישט צוליב רעליגיע אָדער קירכלעכע טעמים, נאָר צוליב זיין גאַנצער באַציונג צו דער וועלט. ער איז געווען שטאַרק צוגעבונדן צו זיינע קינדער און איך האָב זעלטן געזען אַ מענטש, וואָס זאָל אַזוי ערנסט נעמען זיינע פליכטן אַלס פאָטער; אָבער איבער דעם פאָטערלעכן געפיל איז ביי אים געווען פאַראַן די האַרציקסטע ליבע; ער האָט מיר דערציילט, אַז אין די ערשטע יאָרן פון זייער פאַמיליען-לעבן, איז ער עטלעכע מאָל אין דער נאַכט געגאַנגען צו זיינע קינדער; ער האָט נישט געקאָנט רויק שלאָפן, ווען ער האָט דאָס נישט געטון. ער האָט געהאַט אַזוי פיל רעספּעקט פאַר די קינדער, פאַרבאָרגענערהייט האָט ער זיך שטענדיק געטראָגן איבער זיי. מיטאיינמאָל איז געשען עפּעס אַ מאָדנע זאַך: ער האָט זיך געשראָקן און וועגן דער שרעק מיטגעטיילט קאָנסטאַנציען, אָבער אַזוי ווי איר נאַטור איז נישט קיין ראַציאָנאַלע; איז דערדאָזיקער פחד זיינער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַבערגלויבן. זי האָט געוואָלט דעם שרעק אויסוואָרצלען און כסדר באַנוצט שלעכטע רעצעפּטן, ביז זי איז ענדלעך אַריינגעפאַלן אין דעם געפערלעכסטן שאַרלאַטאַניזם.

— אָבער דאָס איז איינע פון די פיל סימנים פון ירידה, אין וועלכן דאָסדאָזיקע פאַמיליען-לעבן האָט אָנגעהויבן צו שטעקן — האָט לודין זיך אַריינגעמישט, — וואָס מער איך טראַכט וועגן דעם, וואָס מער איך הער אייך, אַלץ מער ווייזט מיר אויס דאָס פאַמיליען-לעבן פון די אַלטאַכערס פאַר אַ פּאַראַדיגמאַט.

— איר זענט גערעכט, — האָט מאַיאַ געענטפערט — קודם-כל איינס, וועגן וועלכן עס האָט אויך גערעדט עדמונד. ער האָט געזאָגט: דאָס גאַנצע פאַמיליע-פּראָבלעם איז אַ פּראָבלעם פון טעמפּאָ. פון די טעמפּאָ-אונטערשידן וואַקסט אַרויס דער גרעסטער טייל פון די צרות, וואָס קומען פון די טאָג-טעגלעכע קליי-

ניקייטן. די מיספארשטענדענישן הויבן זיך אָן אין די באַשטימטע שעהן, ווען מען דאַרף דערלאַנגען צום טיש, און דערגיין ביז צו דעם, וואָס צוויי מענטשן ווייסן צווישן זיך וועגן דעם אַנדערן. עס איז אָפּהענגיק מיט וואָס פאַר אַ טריט מען גייט אויף דער גאַס. מיינט איר נישט אַזוי? איך האָב באַמערקט, אַז בעת צוויי מענטשן גייען מיט אַ גלייכן טראָט, ווערט מיד דער ערשטער דער, וואָס גייט בעסער און שנעלער. דער צווייטער, אויב ער קאָן נישט אויסגלייכן זיין טראָט, זוכט הילף אין זיין שוואַכקייט. בלייבט אַ באַליידיקטער שטיין פון הינטן — און רוט זיך אָפּ, אָבער די מידקייט פון דעם, וואָס גייט גיכער, איז אַ גייסטיקע; אַ געוויסן טאָג זעט ער, אַז ער איז נישט בלויז שנעלער געגאַנגען, נאָר אַז ער איז אַנטלאָפן, כדי נישט פאַראַליזירט צו ווערן דורך דעם פשוט-מערדעלעכן טעמפּאָ, און זיין חבר איז געבליבן ווייט הינטער אים.

דאָס אַלץ קלינגט אַזוי אומגעווייִנלעך און דאָך איז עס אַזוי וויכטיק. עדמונד האָט שעהן געקאָנט רעדן דערוועגן אַזוי שטאַרק האָט עס אים פאַרנומען.

קאָנסטאַנציעס פאַטאַליזם איז געווען דאָס, וואָס זי האָט שטענדיק חושד געווען זיין פרייען ווילן, ווי ער וואָלט אַנדערש געקאָנט האַנדלען, נאָר ער טוט איר אויסגערעכנט צו להכעיס. זי האָט זיך וואָס אַמאָל מער מיט עקשנות איינגערעדט, אַז זי איז זיין קרבן.

אינדעראמתן האָט די זאַך אַנדערש אויסגעזען. דורך אַ מין ווילן צו מאַכט, וואָס איז שווער צו טרעפן אויף דער וועלט, האָט זי אים מיט יעדן טאָג אַלץ מער פאַריאָכט. איך מוז עס אייך אויפקלערן.

איך האָב אַ סך געטראַכט וועגן קאָנסטאַנציען. איך האָב זי געוואָלט פאַרשטיין שוין צוליב דעם אַליין, וואָס איך האָב געוואָלט העלפן עדמונדן, וואָס האָט שטאַרק געליטן דערפון, וואָס זיין מוח איז אָן אויפהער פאַרנומען מיט יענער פרוי און ער קאָן זיך נישט באַפרייען פון איר, ווי פונם שאָטן, וועלכן זי האָט געוואָרפן.

זי האָט אויך געקאָנט די מאַכט, וואָס זי האָט געהאַט איבער אים און האָט זי ווי געהעריק אויסגענוצט. אַ מאַן מיט אַ שוואַכן ווילן, וועט איר זאָגן. אַזוי איז עס נישט.

איך וואָלט אייך געקאָנט דערציילן אַ פּאַסירונג, ביי וועל־כער איר וואָלט אַפילו געזאָגט: אַ פּחדן און דאָך איז עס נישט אַזוי.

עס דאַכט זיך, אַז דעם אויסזען פון יעדן פאַמיליען-לעבן באַשטאַפּט דער מאַן אָדער דאָס ווייב. איך ווייס נישט, צי איך רעד געטרוי.

אָט דידאָזיקע קאָנסטאַנציע איז אַ פּרוי מיט אַן אומגע-וויינלעכער ליידנשאַפט, וואָס דערגייט צו ווילדקייט און צו פאַר-געסן זיך; און פון ערשטן טאָג אָן בלי-ספק, אַז אָן אַ פּלאַן, ווייל אַזאַ נאַטור האָט זי, האָט זי עדמונדן סוגעסטירט מיט דער פאַנטאַסטישער איינרעדעניש, אַז זי עקזיסטירט נאָר פאַר אים, אַז זי איז געבונדן מיט אים לויט דעם ווילן פון דער השגחה-העליונה.

אַ מאָדנע מין ליבע, כמעט אַ באַד-הערשט-ווערן דורכן טייוול. געוויס ווייסט זי שטענדיק, וואָס זי טוט.

עס איז גענוג געווען צו הערן, ווי זי האָט געזאָגט: מיין מאַן, מיין!

דערין האָט אַלץ געשטעקט; ווי זי וואָלט אים אַראָפּגע-שלונגען. אָבער עדמונד האָט דאָס נישט געהאַט אין זין, בעת ער האָט חתונה-געהאַט.

אַזוי האָט ער נישט געוואָלט בינדן זיך אויף דעם גאַנצן לעבן.

ער איז געווען איבערראַשט און אַזוי זעגען אַוועק יאָרן, איידער ער האָט זיך דאָס קלאָר געמאַכט.

ער האָט געדאַרפט לעבן ווי אַ פרייער מענטש, אַ מענטש פאַר וועלכן גייסטיקע ענינים זענען געווען ווירקלעכקייט, און נישט בלויז אַ שיין צירונג. דעריבער האָט אים דער געדאַנק, אַז ער איז לחלוטין אָפּהענגיק איינציקוויז דערשטיקט.

דאָס איז געווען אַ מאָדנער און געפערלעכער אופן פון

אָפּוועבדן דאָס רעכט פון האָזיק, דורך וועלכן ער איז געוואָר־אַן אייגנטום און אַזעלכעס זיך געפילט. איר פאַרשטייט, וויפיל ליידן עס זענען געקומען דערפון, וויפיל אומרו, וואָס פאַר אַ ווילן צו אַנטלויפן, וויפיל אינערלעכער קאָנפליקט, — בפרט ווען די געפילן און אויסרעכענונגען, דער עקסטאַז און די סאָפיזמען זענען געוועזן צונויפגעוואַקסן, פשוט נישט צו צערייסן זיי, ווי ביי קאָנסטאַנציען.

זי האָט אים געהאַט אין די הענט. און רעגירט — וועל איך זיך אויסדרוקן, — איבער דער מאָס אפילו דעמאָלט, ווען ער האָט זיך איר אַנטקעגנגעשטעלט, און אַנטקעגנגעשטעלט האָט ער זיך אונטער אַ באַפעל פון טיפן שכל, דורך דער בענקשאַפט צו פרייהייט און באַוועגונג. דאָס איז געווען, ווי ער וואָלט זיך געפינען אין אַ גייסטער־קנעכטשאַפט און איצט וואָלט ער זיך געוואָלט באַפרייען און צעררייסן די שטריק. וויפיל איך בין מיט אים אַדורכגעגאַנגען.

ווי אַ צעמישטער איז ער אַמאָל געקומען, מיט אַן אָפּגעשיילטער הויט; די אומזיסטע ווערטער, וואָס ער האָט גערעדט צו איר, זענען געהאָנגען אויף אים. איך ווייס, אַז גאַנצע נעכט איז ער געשטאַנען ביי איר בעט, כדי צו טרייסטן זי, אַיםהויבן, באַרויקן, אויפקלערן.

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט ביז באַגינען, כדי אויפסנייאָנצוקניפּן אַ פאָדעם צווישן איר און אים, צווישן איר און מענטשן, צווישן אים און זיינע פריינט. דאָס אַלץ האָט אים אַריינגעבּרענגט אין פאַרצווייפלונג און פאַרביטערט זיין געמיט. אַ סיבה צו מחלוקת האָט, קאָן זיין, געגעבן אַ פאַרוואָרפענער בריוו, אַ פלעק אויפן דיוואַן, אַ שלעכט־פאַרשטאַנען וואָרט, — עס איז שווער צו זאָגן, וואָס אַזוינס, ווייל ביידע האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, ווי טיף זיי זענען זיך גייסטיק געווען פרעמד.

אפשר האָט ער נישט געוואָלט וויסן פון אָט דער פרעמדקייט, ער צוליב זיין קנעכטשאַפט און צוליב דער מורא, אַז ער קאָן פאַרלירן די טעכטער, צוליב דעם פחד פאַר דעם אָנגענע-

מען באַשליסן, וואָס וואָלט געמוזט אַרויסרופן אַן איבערקערעניש אין זיין לעבן; קודם-כל האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן צוליב רחמנות צו איר, פאַר איר אומגליקלעכער נאַטור; און זי האָט נישט געוואָלט וויסן צוליב איר שרעקלעכער פאַרבלענדונג און אירעליידן. אָך, אויך זי האָט געמוזט ליידן! ווי אַ הונט האָט זי געליטן. זי האָט דאָך נישט באַשאַפן זיך אַליין. זי לעבט דאָך, ווי מיר אַלע, זי האָט געהאַנדלט לויט איר רעכט און געליבט לויט איר רעכט.

עדמונד האָט עס געוווּסט און געפילט, און דאָס האָט אים געבונדן, ווי אין קייטן. ווי פרעמד זענען זיך נאָענטע מענטשן, ווי דאָס, וואָס ענדערט זיך, וויל דווקא ענדערן דאָס, וואָס קאָן זיך נישט פאַרענדערן, אָבער ווי אוממעגלעך עס איז!

לודין איז געזעסן, ווי ער וואָלט נישט געהערט. זיין פּנים האָט געהאַט אַ באַוווּסטלאָזן אויסדרוק. נאָך אַ לאַנגן, כּמעט ווייטיקלעכן שווייגן האָט ער זיך אָפּגעטרייסלט און געזאָגט:

— איך קאָן נישט פאַרגעסן די ווערטער פון אייער פאַרשטאָרבענעם פריינט, אַז די פאַמיליען-אינסטיטוציע איז שוין נישט פעיק צום לעבן.

דאָס ווערט מיר מיט יעדן טאָג אַלץ אַ גרעסערער אמת. ווען איך קוק אַזוי אויף מענטשן און זע, וואָס זיי טוען און באַשליסן, רייסן זיך, קריגן, דערנאָך שלאָגן זיך קעגנזייטיקט בפרט דאָרט, ווו זיי שטעלן אַלץ איין אויף דעם אַזויגערופענעם גליק, ווי זיי גרינדן אַ פאַרבאַנד אין דער געזעלשאַפט קעגן דער געזעלשאַפט, כּלומרשט, ווי צו שטיצן די געזעלשאַפט, אַ פאַרבאַנד צו זיכערן די אייגענע סאָציאַלע זיכערקייט און דעם ווויל פון די קומענדיקע דורות, ווען איך זע, וואָס עס טוט זיך יעדן טאָג און יעדע שעה, וויפיל עבירות עס שרייען צום הימל, וויפיל שרעקלעכע נאַרישקייטן, בייזקייטן און בלינדקייטן, דעמאָלט זאָג איך צו זיך:

—דאָס קאָן נישט דויערן.

דעמאָלט זאָג איך:

— דאָס דאַרף מען איבערטראָגן. בעסער אַן אַנאַרכיע,

בעסער אַ כאַאָס, בעסער גאָרנישט, איידער דאָס! אוועק דער־מיט! אָנהויבן אויפסניי, אָנהויבן פון עפּעס נייעס, נאָר אוועק מיט אָט דעם ליגנט, מיט דער אומדערהערטער שאַנד, מיט אָט דעם פאַטאַלן געמיש פון צוואַנג און עגאָיזם, פון עפנטלעכער מאָראַל און עפנטלעכער פאַרברעכערישקייט, וואָס איז אַמאָל אויף שעמעוודיקע פראָצעסן באַהאַנדלט געוואָרן ביי פאַרמאַכטע טירן דאָס מאַכט די מענטשן שלעכט, דאָס מאַכט זיי פון טאָג צו טאָג אַלץ מער גראָבער, נידריקער.

ער האָט גערעדט רויִק, מיט צונויפגעלייגטע הענט און מיט אַ מאָדנע פאַרחלומט קול.

מאַיאַ האָט זיך אויפגעהויבן און געפרעגט, עפענענדיק ברייט אירע פאַרנעפּלטע אויגן:

— זאָלן זיי אָבער לעבן צווישן זיך ווי חיות?

— איך פאַרשטיי, אַז זיי דאַרפן זיך אָנצושטרענגען, כּדי פאָרצושטעלן זיך, אַז אין דער געגעבענער מינוט טוען זיי עפּעס אַנדערש — האָט לודין געענטפערט — אַ חוצדעם האָב איך מורא, אַז איך וואָלט צופיל אומגערעכט דערנידריקט אָט די חיות, האַלטנדיק דעם פאַרגלייך פאַר אַ טרעפלעכן. אַפילו די נידריקסטע מינים באַהעפטן זיך לויט די קלוגע געזעצן, וואָס די נאַטור שרייבט פאָר.

— אָבער דאָס איז דאָך נישט קיין מיינונג, אויף וועלכער מען קאָן זיך סומך זיין, דאָס איז אַן אויסברוך פון פאַרצווייפלונג.

— עס קאָן זיין, עס קאָן זיין, טייערע פריילן מאַיאַ.

— אָבער דערביי קאָן נישט בלייבן אַזאַ מענטש, ווי איר. וואָס חלומט זיך אייך?

לודין האָט זיך נידריק אַראָפּגעבויגן.

— עס חלומט זיך מיר, — האָט ער געענטפערט מיט דעמזעלבן טרוימערישן קול, — די גרויסע באַפרייונג פון קנעכט אַ גרויסע רויִקע הפסקה אין אויספירן די געזעצן, ניין, אַפילו די אָפּשאַפונג פון אָט די געזעצן דערנאָך, אין צען, אָדער אין צוויי צענדליק יאָר אַרום, דאַרפן מיר זיי אויפסניי הייסן באַ־

שאַפן, איך זאָג באַשאַפן, נישט פאַבריצירן. דאָס הייסט, אַז זיי וואָלטן געדאַרפט פאָרמולירט ווערן אויפסניי אויף אַ שכלדיקן אופן ז׳ורך דעם אייראָפּאַג פון די בעסטע, קלוגסטע און טיפסטע גייסטער פון אַלע פעלקער לויט נייע דערפאַרונגען און אין גייסט פון הויכן מאָראַלישן באַגריף.

צי האָט איר שוין געהערט וועגן דער אַזוי-גערופענער סיבירישער חתונה?

עס איז דאָרט פאַראַן אַ מנהג, אַז דער מאַן און די פרוי בינדן זיך אויפן גרונט פון אַ פרייען אויסוואַל און אַ פרייען באַשלוס, אָן דער ברכה פון דער קירך און אָן דער באַשטע-טיקונג פון דער מאַכט.

דאָס איז, וואָס אונזערע געזעץ-געבער און מאָראַל-היטערס רופן אָן קאָנקובינאַט.

און אַ מאָדנע זאַך: עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָט די חתונה-בונדן זענען נישט בלויז מער דויערהאַפטיקער, ווי די, וואָס ווערן געשלאָסן אונטער דער אויפזיכט פון דער מלוכה און פון די גייסטלעכע, נאָר אויך, אַז ביידע צדדים, הגם זייער צוזאַמענלעבן שטיצט זיך בלויז אויפן גוטן ווילן, ווייזן אַרויס אַ גרויסע איידלקייט, אַפילו צווישן די פּראָסטסטע מענטשן, איינער צום אַנדערן...

אָבער עס חלומט זיך מיר נאָך עפּעס אַנדערש.

ער האָט געמאַכט אַ פּויזע, האָט אַ פיר געטון מיט דער האַנט איבערן שטערן און ווייטער געצויגן:

— עס חלומט זיך מיר, אַז דער געזעלשאַפטלעכער אי-דעאַל ווערט איבערגעשאַפן.

מיט דעמדאָזיקן געדאַנק האָב איך לאַנג געקעמפט, אָבער ער איז כסדר צוריקגעקומען אין פאַרשידענע פאָרמען. עס האָט זיך שטענדיק געהאַנדלט וועגן עגאָיזם, וועגן זיך. מיר ווערן פאַרזונקען אין עגאָיזם און אין זיך.

אויב דער אינדיווידיום פילט זיך נישט באַפרידיקט אין זיין הייניטיקער עקזיסטענץ-פאָרם, זוכט ער אַ נייע, אַ בעסערע, אַ מער-צוגעפּאַסטע אוניפאָרם.

איך האַלט, אַז דער אינדיווידוּאַל, די פּערזענלעכקייט, האָט שוין ניט קיין באַדייטונג פאַרן כּלל, אויב עס האַנדלט זיך בלויז וועגן זיין גייסטיקן און מאָראַלישן געבוי. וויכטיק איז נאָר דאָס, וואָס האָט אַ באַדייטונג.

פאַר יעדן מענטלעכן אָדער ווייבלעכן אינדיווידוּום איז פאַראַן בלויז איינאונאייינציקע פאַרפאָלקאָמונג, וואָס זיי קאָנען געפינען איינער אין אנדערן.

איך בין איבערצייגט דערין. וויפל די מענטשלעכע געזעלשאַפט וואָלט דורך אַזאַ טאָפּל־עקזיסטענץ פון מאַן און פרוי, וואָס איינער דערגאַנצט דעם צווייטן, געווונען אין רויִקייט, פרייד, שווונג, ריינקייט איז שווער זיך פאָרצושטעלן. דעריבער דאַרף מען באַזייטיקן אַלע באַגרענצונגען אין אויסוואַל מיטן צוועק פון אַ פאַמיליען־לעבן.

קיין שום מאָראַלישע תקנה, קיין שום ירושה־לאַסט און ניט קיין באַרירטע צניעות דאַרפן שטערן דעם מאַן אָדער דער פרוי אין פּרוּוון און באַנוצן אַלע פאָרמען פון די דערשיינונגען און דערפאַרונגען, וואָס זענען פאַראַן אויפן געביט פון זייערע ווונטשן און פאָרשטעלונגען.

אויב זיי באַזיצן אַן אינסטינקט, וועלן זיי אים פאַרשאַרפן; אויב עס וועט זיך דערוועקן אין זיי דער פאַרלאַנג פון געמיינזאַמען לעבן, וועט ער, דער אינסטינקט, זיי דערפירן צום ציל. נאָר ניט דאָס, וואָס מען רופט איצט פאַמיליען־לעבן. אַלץ, אָבער ניט דאָס.

מיר טאָרן ניט מורא האָבן פאַר דער פאַרווילדערונג פון די מידות, אָדער פאַר זייער פולשטענדיקער פונאַנדערפאַלונג. וואָס קאָן דען קומען ערגערס נאָך דעם, וואָס דריקט אונז די ברוסט און פאַרומערט אונז דעם גייסט. עס איז ניט פאַראַן קיין גענוג גרויסער פּרייז בלויז פאַר דעם פּרוּוו צו ענדערן.

אין יעדן מענטש, אַפילו פאַר אַזעלכן, וואָס ווייזט כּלומרשט אויס צו זיין אַן אַנאַרכישער, איז פאַראַן אַ נטיה צו גלייכגעוויכט.

דאָס לעצטע זיגט און מוז זיגן איבער דער אַנטאָוטונג. די געשיכטע לאַטעט אונזער וועלט מיט מידות און געזעצן, וואָס זענען אַמאָל געווען נויטווענדיק און שלדיק, אָבער פון וועלכע עס איז היינט בלויז געבליבן אַ ליידיקע שאָל. זינט מיר האָבן אָפּגעשאַפט טויט-שטראָף איז נישט פאַראַן מער קיין מערדער, נאָר זענען ווייניקער דאָ.

די פאַרברעכנס האָדעווען אויס פאַרברעכער, די שטראָפן באַשאַפן די פאַרברעכנס.

עס איז פאַראַן אינם מענטש עפּעס אַ מאָדנע זאַך: אַ נישט-אויסלעשנדיקע בענקשאַפט צו האָבן צוטרוי אין דער גוטסקייט, וואָס רוט אין אים.

אָבער סוף-כל-סוף צי וואָס דאָס אַלץ? — האָט ער געזיפצט אויפשטייענדיק מיט אַ זייפנבלאָזן-שוים.

— אפשר איז עס נישט, ווי איר ענדיקט? —האָט מאַיאַ באַמערקט אַ פאַרטראַכטע — אפשר דרימלט דערדאָזיקער געדאַנק אין אַ סך נשמות. אפשר דאַרף מען דעם געדאַנק בלויז אַרויסרעדן און פאַרעפנטלעכן...

— די דערפאַרונג האָט מיך געלערנט, אַז די אַרויסגערעדטע און פאַרעפנטלעכע ווערטער באַדיימן שוין גאָרנישט צוויי טעג דערנאָך ווי זיי זענען אַרויסגערעדט און פאַרעפנטלעכט געוואָרן, — האָט לודין געענטפערט. — זיי ווערן אַ טעאָריע, און בעת מען רעדט גוט אַרום די טעאָריע, ווערט פון איר אַ קאָמונע.

— טאַפּל-עקזיסטענץ, — האָט מאַיאַ געשעפּטשעט אַ פאַרטראַכטע. — דאָס קלינגט אַזוי דערהויבן, אָבער צי וועט עס דען אין דערווירקלעכקייט אַזוי אויסזען? דאָס געבורט פון יעדן קינד ענדערט די התחייבותן, וואָס די צוויי מענטשן האָבן אייגנער צום אַנדערן. ציט דען דאָס קינד נישט אָפּ די מוטער פון פאָטער?

איך האָב געזען די גליקלעכסטע פּאָר-פּעלקער, נאָר אויב עס האָבן זיך באַוויזן קינדער, איז אַלץ געוואָרן גראָ און שווער.

פרויען קאָנען נישט טון קיין סך צו דערהאַלטן דאָס גליק. עס ליגט נישט אין זייער מאַכט.

די מעגער האָבן עס יאָ אין זייער מאַכט, ווייניקסטנס ביז צו אַ געוויסער מדרגה, אָבער זיי לייגן נישט קיין אַכט דערויף.

אָדער עס ווערט יעדעס יאָר געבוירן פאַר זיי אַ נייער נביא, וואָס מאַכט שווער זייער לעבנס-קאַמף און רוקט זיך אַריין ווי אַ קלין צווישן די באַשוועסטערטע נשמות פון מאַן און ווייב, אָדער זיי מוזן זיך אָפּזאָגן פון דעם לייבגענוס. אַזוי גייט עס פאָר על-פי-רוב.

עס איז געוואָרן אַזאַ געוויינלעכע זאַך, אַז מען רעדט שוין באַלד נישט דערוועגן, אָבער ווי אַזוי זעט באמת אויס דער הימל איבער אַזאַ פאַמיליען-לעבן? עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַזויפיל זינד פוןביידע צדדים.

עס איז נישט קיין ווונדער, אויב צוויי מענטשן האַסן זיך קעגנזייטיק, נישט וויסנדיק פאַרוואָס.

מען קאָן זען פרויען, וואָס פאַרמיאוסן זיך בלויז מיט זייער טרויעריקייט. אַ טרויעריקייט, וואָס קומט פון דער ערשט-דערמאָנטער סיבה.

זיי פייניקן זיך און ווייסן נישט, וואָס פאַר אַ פאַרברעכן זיי זענען באַגאַנגען און וואָס זיי האָבן געלאָזט טון מיט זיך. אָבער וואָס זאָלן זיי אָנהויבן? זאָלן זיי צו יעדע פערצן חדשים געבוירן אַ קינד? און וואָס זאָל טון אונזער געזעלשאַפט מיט דידאָזיקע אַלע קינדער, בעת שוין איצט ווייס זי נישט ווו אַהינצוטון דעם שטאַרקן איבערפלוס? אַזוי זעט אויס די ווירקלעכקייט.

— מיר טאָרן נישט מאַכן די ווירקלעכקייט פאַר אַ מאָס פון מעגלעכקייטן, ווייל אַנדערש וואָלט אונזער גאַנצע מאַשינעריע געמוזט זיך אָפּשטעלן, האָט לודין קאַלט געזאָגט.

מאַיאַ האָט אויפמערקזאַם אַ קוק געטון אויף אים און געזאָגט, שטאַמלענדיק אַ ביסל:

— אָבער אויב דאָס, וואָס חלומט זיך אייך, אויב דער-

דאָזיקער חלום, דידאָזיקע כימערע... באַהאַלט אין זיך די ווירק־לעכקייט... דאָס הייסט, אויב די אידייע פון דידאָזיקע טאָפּל-עקזיסטענצן, בלויז מיט דער איינציקער דערגאַנצונג, אַז זי זאָל אָנגעווענדט ווערן צו אייך, צו דעם, וואָס איר האָט אייערנעכטן... איר געדענקט...

לודין האָט איר האַסטיק איבערגעריסן מיט אַ פּאַרטיידי־קונגס-זשעסט.

זיין פּנים איז אים בלייך געוואָרן.

— ניין, — האָט ער רוי אויסגערופן — קיין שום ביי־שפּיל. קיין שום אָנווענדונגען. צומווייניקסטנס נישט צו דעם פּאַל. כ׳בעט אייך, כ׳בעט אייך זייער.

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן בליק האָט ער איר דערלאַנגט די האַנט, כּדי צו געזעגענען זיך.

ער האָט אָבער רחמנות געקריגן אויף דער דערשראָקע-נער מאַיאַן, האָט ער זיך באַמיט פריינטלעך אַ שמייכל צו טון און פאַרבייגייענדיק, דערמאָנט וועגן געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיטן אַקטיאָר אַרנאָלד קעלער אין זיין קאַנצעלאַריע. ער האָט צוגעגעבן, אַז שפּעטער וועט ער איר דערציילן מער.

— עס דאַכט זיך, אַז פון דאָרט קומט אומגליק, — האָט מאַיאַ געזאָגט.

— יאָ, פּאַר איינעם פון די פּאַראינטערעסירטע וועט זיך עס ענדיקן אומגליקלעך! — האָט ער געענטפערט און אַרויסגע-גאַנגען מיט אַ שווערן טראָט.

האָט ער, שטייענדיק שוין אויף דער גאַס, מיטן פוס אויפן טרעפּל פון אויטאָ, זיך געוואָלט אומקערן? האָט ער עפּעס פאַר־געסן ביי מאַיאַן? אַזוי קאָן זיך דאַכטן. אפשר. וויל ער אַ־איר שטעלן נאָך איין פראַגע: וואָס איז ערשט נישט לאַנג געווען, וואָס האָט איר געהאַט אין זין, זאָגנדיק: „מיינט איר אַז דאָס איז אַלץ?"

ער האָט אין יענעם אָוונט איבערגעריסן אינמיטן אַ זאַץ נישט בלויז דאָס. ער איז אַנטלאָפן אין דער פאַנישער זיכער־קייט פון אַ מענטש, וואָס האָט אין ,דער פינצטערניש פאַר־בלאָנדזשעט זיך אויף אַ באַן-וועג און אויף אַ פּופּצן מעטער פאַר זיך זעט ער די לאַמטערנס פון אַ לאָקאָמאָטיוו פון אַ שנעל־צוג.

נישט הערן, נישט פאַרשטיין, נישט זען: איז עס אין לודינס סטיל? אָבער די פּאַניק, ווייזט אויס הערשט ווייטער אין זיין מוח, ווייל עס טרעפט, אַז ער וועקט זיך איבער אין שלאָף, מיט בלאָנדזשענדיקע אויגן קוקט ער זיך אַרום און זאָגט צו זיך נישט דרייסט: וואָס נאָך? וואָס נאָך, אויב דאָס איז נישט אַלץ? די איינציקע טרייסט, דאָס איינציקע מיטל צוריק צו געוווּנען דעם שלאָף איז דאָס, וואָס ער קאָן דערווייל נאָך נישט קריגן קיין ענטפער.

און דאָס איז אויך נישט אין לודינס סטיל. וואָס איז בכלל דען איבערגעבליבן פון דאָזיקן באַרימטן און גערימטן סטיל? איז ער, וועלכן אַלע האָבן געקענט פאַר אַ העפלעכן, האַרציקן מענטש, וואָס האַלט זיינע צוזאָגן, דערגאַנגען צו דעם,

אַז ער זאָל וואַכן אויסמיידן און איבערלאָזן אָן ידיעות אַ פריינט אויפן פערטן שטאָק פון די קאָשאַרן אויף דער זעקסשימעלגאַס, אָן איינזאַמען, וואָס טראָגט טרויער נאָך אַ שאָטן און מאַכט דעם אָנשטעל פון אַן אייזערנעם סטאָיִקער? עס דאַכט זיך, ווי ער וואָלט פאַר דעם פנים נישט ווייניקער מורא געהאַט ווי פאַר דעם ענטפער אויף יענעם: „וואָס נאָך, אויב דאָס איז נישט אַלץ?"

עטלעכע מאָל האָט ער געפרוווט שרייבן צו פּרווינדאָרפערן. דאָס געשריבענע וואָרט לאָזט זיך מער אויסטייטשן, ווי די ווערטער וואָס ווערן אַרויסגערעדט אויג אויף אויג, מיט פאַראַט אין געזיכטס-אויסדרוק, אין בליק און אין טאָן. עס לאָזט זיך ברייטער און אַלגעמיינער אָננעמען און מען קאָן דעריבער זיך מער פאַרטראַכטן, איידער מען באַנוצט עס.

ער האָט דעריבער מער-ווייניקער געשריבן, אַז פּרווינדאָרפער זאָל אים מוחל זיין די איבערלאַסט פון פאַך-אַרבעט און געוויסע גייסטיקע אויפרעגונגען, וואָס האָבן אים באַהערשט אין דער לעצטער צייט; ער איילט זיך דעריבער א. אַז. וו. דאָס האָט געקלונגען, ווי אַן אויסרייד, אַביסל נישט היימלעך, נישט געשמאַק און ביליק; אין דער צווייטער רעדאַקציע האָט ער געשריבן, אַז ער האָט זיך טועה געווען אין די ערשטע השערות; צוליב אַ ריי אומגעריכטע פּאַסירונגען האָט דער טרויעריקער ענין באַקומען אַ ביי פנים, און ער קאָן נאָך נישט שאַפן זיך די ענטגילטיקע מיינונג, דעריבער ראַט ער צו האָבן געדולד א. ד. גל. קיין איינער פון דידאָזיקע בריוו איז נישט געוואָרן אַרויסגעשיקט.

זיי זענען געלעגן אין פּאָרטפעל, און דאָס עפענען דעם פּאָרטפעל איז פאַר זייער מחבר וואָס אַמאָל מער שווערער געווען.

וואָס טוט מען מיט אַ פּאָרטפעל, וואָס עס איז אומעטיק צו קוקן אויף אים? מען באַהאַלט אים אין אַ שופלאָד און מען גיט זי אַוועק פאַרן רויב פון שטויב.

אַזוי קען מען אָבער נישט האַנדלען מיט אַ בילד פון אַ

...יע דיקן מענטש.

ווארשיינלעך, כדי אראפצוגיין אים פון וועג און צופרידנ-צושטעלן א שטומען פארלאנג אין אים, גייט לודין אמאל צו ד... וווינונג פון זיין פריינט.

איינמאל איז ער אפילו דערגאנגען ביז צום טויער. אבער פון דארט איז ער צוריקגעגאנגען.

ער איז געגאנגען אויף דער גאס מיט דער מינע ווי ער וואלט מורא געהאט.

בלי ספק האט ער מורא געהאט; ער האט מורא געהאט פאר די טרעפן, ארויפצודראפען זיך טראט נאך טראט אויף די אלטע, ליידיקע און קאלטע טרעפן. ער האט מורא געהאט צו זען די קארידאר-ווענט מיט דעם געפלאצטן טינק און מיט די אפענע פענצטער אויפן פערטן שטאק, ווו מען האט דייטלעך געהערט פון דער טיפעניש דאס געפלוידעריי פון דינסטן, א געקלאפעריי פון כלים און דעם גערויש פון וואסער-קראנען, וואס איז אזש דערגאנגען פון אנדערע שכנישע הויפן.

עס האט איצט אויסגעזען, ווי דעמאלט, ווען ער האט נעבן דעם קערפער פון יונגגמאן הויך געפרעגט: פארוואס?

דערנאך דארף מען אנקלונגען אין דער הויך; דאן בא-ווייזט זיך די שווארצע און דארע פרוי בלום און הויבט אן אומדיסקרעט צו שעפטשען אין אויער אריין; פון דער קיך שפירט זיך א ריח פון פעטס.

פון די צימערן קומט אן צו שוועבן א בלייערנע נאכט-לופט און זאכן שפריינגען מיט פאדערונגען, פארלאנגען און פאר-ווורפן צום גאסט. דאס איז שרעקלעך.

ווען דאס הויז וואלט נאר אנדערש געווען.

מען קאן נישט זאגן, אז ביי אים אינדערהיים שוועבט אום א פחד. ניין, דארט איז דאך פאראן פאמיליען-נעסטן, אן אפגעהיטענער אזיל, א זארגפעלטיקע רו.

אבער עס מוז דא זיין עפעס אזוינס, וואס איז ענלעך צו שרעק, ווי איבער אלץ וואלט געהאנגען טיף, בין-השמשותדיק, נישט-זיכער ליכט.

דאָס איז אַ ליכט, וואָס בלישטשעט אַמאָל אין די אויגן פון לוי, ווען זי פּאַרציט די ברעמען פיל מיט לעבנס-פייער און פון הינטער זיי שווימט אַרויס עפּעס בלייכס, עפּעס געלס, און אָפּגעלעבטס, ווי דעם מענטש וואָלט זיך געחלומט, אַז ער געפינט זיך אונטערן וואַסער, ווו דער אָפּגלאַנץ פון דער זון צעפאַלט זיך ווי פעדעם פון אַ געוועב.

מאַרלינע האָט זיך אָפּגעווענדט פון אים פונקט ווי זי וואָלט שטיל געזאָגט:

— דעם פאָטער מוזן מיר אויסשטרייכן אויף אַ געוויסער צייט.

כמעט עפּעס פיינטלעכס האָט געשטעקט אין דעם אופן, ווי זי האָט לעבעדיק גערעדט מיט גלייכגילטיקע פערזאָנען, עפּעס להכעיס-העכערס.

זי דאַרף דיך נישט, נישט געקוקט אויף דער גאַנצער העפלעכקייט, וואָס זי ווייזט דיר אַרויס; אָבער דידאָזיקע העפלעכקייט האָט נישט קיין אויגן, וואָס זענען געווענדט צו אים.

און אָט איז רעלי, אַ וואַכזאַמע און אַן ערנסטע, אַ זיכערע און אַ פלינקע.

אין איין אויגנבליק האָט זי באַמערקט, אַז אויפן טיש פעלט זאַלץ. זי פליט שנעל אַרויס און אין איין אויגנבליק ווייזט זיך אויפן טיש דאָס זאַלץ-מעסטל. אָבער וואָס קוקט זי אויף אים אַזוי אויספאָרשנדיק?

ס'איז נישט קיין סיבה פאַר אויספאָרשנדיקע בליקן, בעת מען שטעלט אַוועק אויפן טיש דאָס זאַלץ-מעסטל. וואָס ווילסטו, רעלי? ווילסטו עפּעס? ניין, גאָרנישט. עס קלינגט דערין אַ האַרציקע פאַרחידושטקייט, אָבער ווייטער איז פאַראַן אַ פאַרזאָרגטקייט, אומרו, און שטענדיק דיזעלבע, נישט שווייגנדיקע פראַגע.

ווי זי וואַקסט: עס דאַכט זיך ווי יעדן טאָג וואָלט זי געוואָרן אַ ביסל העכער.

מאַרלינע דערציילט, אַז רעלי לייגט אין באָד צוזאַמען

אין ריי ביידע פיס, רוקט אַרויס די פּוס-טריט פון היגטן און זאָגט הויך:

— צען מוז אומבאַדינגט זיין מער ווי צוויי מאָל פינף.

פון גוף און פון אַלע גלידער וויקלט זיך שוין אַרויס פון פרוי אַ קינד. אויפן שטערן ציטערט פול מיט פאַרגעפילן דער אומרו פון געשלעכט.

דאָס געפּאַר פון דידאַזיקע יונגע פרויען באַשטייט דערין, וואָס זיי זענען צופיל מיט זיך אַליין.

אָט הויבט זיך אויף זייערס אַ האַנט, וואָס שטרעקט זיך אויס אַ גרייטע, וואַרטנדיקע.

דער צער פון געשלעכט גייט פון איר אַוועק, בעת זי האַלט אויף די הענט דעם קליינעם הובערטן; די טירן פון דער וועלט פאַרמאַכן זיך, זי גייט אַריין אין דער וועלט פון לעגענ־דעס, ווו געלעכטער און געוויין זענען אַזוי נאָנט צווישן זיך, ווי צוויי פינגער, און די צערטלעכקייטן זענען עגלעך צו כשוף־מיטלען, וואָס ברענגען פאַרגעסנקייט. אַזוי אָנגענעם איז צו באַ־רירן אַ נאַקעט לייב.

דער גאַנצער קערפּער איז ענלעך צו אַ זעלטענער, וואַ־רעמער צירונג, צו אַלעבעדיקן איידל-שטיין און לודין איז נישט דרייסט צו טראַכטן, אַז דאָס איז דאָסזעלבע קרעפּטיקע, דויער־האַפטע לעבן, וואָס איז פאַראַן אין אים און אין די מענער און פרויען פון זיינסגלייכן.

פּאָטער און מוטער שפּילן פאַר אים אַ מאָדנע אוממעכטי־קע ראָל; זיי ווילן פאָרמען דאָס מאַטעריאַל און שאַפן דעם גייסט, וואָס פאָלגט פרעמדע געזעצן, נישט-דערגרייכטלעכע גע־זעצן.

לודין רעדט דערוועגן מיט פּיאַן. פּיאַ הערט און ווייזט אויס גאָרנישט צו פאַרשטיין, מעגלעך, אַז זי האָט געטראַכט וועגן אַ צעריסענער שנור פון די פאָרהאַנגלעך. דעם גערטנערס טעכטערל האָט מיט אַ באַלעם אויסגעהאַקט אַ פענצטער אויף דער טאַראַסע.

זייער מעגלעך, אַז זי טראַכט דערוועגן. לודינס ווערטער

באַקומען אַ געלאַנגווייליקטן קלאַנג.

פּיאַ שטעלט זיך אויף און דרייט זיך אַרום אין צימער. אָבער מיטן געזיכטס־אויסדרוק געפינט זי זיך ביי אים און זי רעדט עפּעס מיט איר העלן, לייכטן טאָן, וואָס זאָל אים פאַר־שאַפן חשק ווייטער צו רעדן, אָבער אירע ווערטער האָבן נישט קיין שייכות צו די געדאַנקען, וועלכע ער האָט ערשט אַרויס־גערעדט.

זי איז צעשטרייט.

— פּיאַ, האָסט דיר געשמינקט דאָס פּנים? — פרעגט לו־דין נישט דרייסט מיט אַ מאָדנעם שמייכל, צוגייענדיק נענטער צו איר.

— דו האָסט עס ערשט היינט באַמערקט? — ענטפערט זי שמייכלענדיק אויך, אָבער צוריקציענדיק זיך. — איך טו עס זינט אַ געוויסע צייט. איך וויל נישט זיין בלאַס אינ־דערפרי.

אַליין אין איר ציט זיך צוריק; די הענט, די אויגן, עס דאַכט זיך, אַז זי ווייסט אַליין נישט דערפון. זי היט זיך צו נאָענט צו געפינען זיך נעבן אים.

זי שפּאַרט זיך שוין נישט אָן אויף זיין אַקסל, בעת ער קוקט איבער זונטיק פאַרמיטאָג אירע רעכענונגען פון דער וואָך.

איר פּנים איז שוין דאָסזעלבע, ווען זי שטייט פאַר אים, אָדער ווען ער איז נישטאָ.

ער זעט עס נישט. זי שטייט אויסגעדרייט צו אים מיט די פּלייצעס און אויף אירע פּלייצעס געפינט זיך עפּעס נישט־פריינדלעכס, אַ געפיל פון אומעטיקס, אַ גרייטקייט צו אַנט־לויפן.

ער זעט עס נישט. ער פילט נישט, ווי זי צווינגט זיך מיט אַלע כוחות צו האַלטן זיך שטאַרק, ער פילט נישט אירע באַשלוסן, מיט וועלכע זי גריסט אים העפלעך. ער קאָן אויך, פאַרשטייט זיך, נישט זען, ווי איר פּנים באַדעקט זיך מיט אַ שאָטן, ווען עס פאַרשליסט זיך פאַר איר די טיר פון צימער,

אין וועלכן ער געפינט זיך.

זי איז אַ געוויינלעכע דערשיינונג. זי פאַרקערפּערט אין זיך אַלץ, וואָס איז געוויינלעך.

דאָס, וואָס זי עקזיסטירט, גייט אַרויס און קומט אַריין פאַרשטייט זיך אַליין.

ער ווייסט ווי זי זיצט, ווי זי שטעלט זיך אויף, ווי זי בויגט אויס דעם קאָפּ אָן אַ זייט, בעת זי רעדט וועגן באַשטימטע זאַכן און וואָס פאַר אַ ווערטער זי האָט צומבעסטן ליב.

ער קאָן איר אויפן פון טראַכטן, איר טרעפלעכן, קיינמאָל נישט צו טיפן, אָבער שטענדיק ריכטיקן אורטייל וועגן מענטשן, און ער ווייסט אין אָנהויב פון יעדן אַזאַ געשפּרעך ווי אַזוי עס וועט זיך ענדיקן.

ער קאָן אירע ווערטער, דעם שמייכל, דעם געדולדיק-ווארטנדיקן בליק.

ער קאָן נישט בלויז איר האַלטונג אין איין מאָמענט, ער קאָן זי שטענדיק. ער שטעלט זיך נישט פאָר, אַז זי זאָל זיך ענדערן.

ער איז אייביק העפלעך און ריטעריש צו איר. אָבער אין זיין באַציונג איז איצט פאַראַן אָנגעשטרענגטעס און מע-כאַנישעס.

עס איז נישט געווען באַקאַנט, וואָס דערין שטעקט. לויטן ווייזט דאָך אויך אַרויס אַ געוויסן רעספּעקט צו זיין שרייב-טיש, דעם ציגאַר-שאַכטל און דעם פען-מעסערל, און עס זענען פאַראַן מאָמענטן, ווען עס איז אים, דאַכט זיך, נישט קיין אונ-טערשיד, צי ער פאַרקערט מיט מענטשן, אָדער מיט זאַכן. ער זיצט ביים טיש ערנסט, פאַלט אַריין אין שווייגן, וואָס דריקט אים, ווי אַ שווערע לאַסט, דער שטערן ווערט אָנגעכמורעט, דאָס מויל באַוואַקסן מיט דיקע וואָנסעס, פּרעסט זיך צוזאַמען, די אויגן קוקן אומבאַוועגלעך און זיין גאַנץ געשטאַלט איז פאַרמאַטערט.

מאַרלינע און רעלי זענען נישט דרייסט צו רעדן וועגן

דער וויינאַכטס-רייזע, וואָס זיי פּלאַנעווען שוין לאַנג און אויף וועלכער זיי וואַרטן מיט קלאַפּנדיקע הערצער; לעצטנס מאַכט ער אָפּט פאַרוווּרפן צוליב די וואַקסנדיקע שטוב-הוצאות, איינמאָל האָט ער עס געטון מיט אַ מינע, וואָס האָט זי שטאַרק דערשראָקן, ווי אַ מענטש, וואָס קוקט זיך אַרום מיט פאַרצווייפלונג צי עמעצער וועט נישט קומען אים העלפן קעגן די שמיץ פון דער בייטש, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ אויף זיין קאַרק. אפשר איז דאָס דער טרויעריקער זין פון געדאַנק וועגן ווילן, וואָס פרוינדאָרפער האָט אַמאָל אַרויסגעזאָגט.

ביי דעם אַלעם האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, אַז פיאַ פאַרפאָלגט אים; יאָ, זי האָט אים ווירקלעך פאַרפאָלגט, אָבער אַלס גייסט.

ער קאָן זיך נישט אָפּגעבן קיין חשבון דערפון. ער פאַרשטײט נישט די פאַקטן.

ער בלייבט ביי דעם איינדרוק. עס דאַכט זיך אים, אַז פיאַ האָט זיך פאַרפילפאַכט.

זי גייט אַמאָל פאַר אים אַזוי פאַרקליידט און אַמאָל אַנדערש.

אָבער גרויסע, גרויע אויגן קוקן שטענדיק אויף אים. מיטן בליק ווייזט זי אויס אַריינצודרינגען אין זיין נשמה. ער פאַרטיידיקט זיך, אַנטלויפט, פאַרבאָרגט זיך, אָבער עס איז נישטאָ קיין באַהעלטעניש.

זי איז אומעטום, אין דער קאַנצעלאַריע, אין טעאַטער, אין אויטאָ, אין געריכט, אויף די קאָנפערענצן, אויפן אמת, אין חלום, אין טרוים, אומאויפהערלעך קוקן אירע גרויסע אויגן מיט אַליידנשאַפטלעכן ערנסט אין זיין נשמה. דעריבער לאָזט ער אַזוי דערשראָקן אַראָפּ די אויגן, ווען די אמתע פיאַ זיצט ווירקלעך קעגנאיבער אים און זיינע געזיכטס-שטריכן קרומט אויס אַ ווייטיק, וואָס — ווי עס דאַכט זיך אים — וועט זיך באַלד געפינען אַן אויסגאַנג אין אַ הילפלאָזן און געפייניקט אויסגעשריי:

— לאָזט מיך אָפּ, פרוי!

אין איינער אַ שטורמישער נאַכט, אין פיר טעג נאָך דעם

לעצטן שמועס מיט מאיא, איז ער שפעט אהיימגעקומען.

אזש ביז האלבע נאכט האט ער אליין געארבעט אין דער קאנצעלאריע, דערנאך איז ער אוועק אין א קליינעם קאפע-הויז אין דער פארשטאט, ווו ער איז געזעסן פארזונקען אין מחשבות. אנדערהאלבן שעה. בעת ער האט געעפנט די טיר פון זיין שלאפצימער, האט ער דערזען א געשטאלט, וואס האט זיך שנעל און שטיל אויפגעהויבן און איז פארשוונדן אין דער ביבליאטעק.

דאס געשטאלט איז, ווייזט אויס, געזעסן אזוי פארטראכט ביים טיש, אז עס האט נישט געהערט זיינע טריט פון קארידאר.

ער האט א דרוק געטון דאס עלעקטרי-קנעפל, אבער עס איז שוין נישט געווען קיין סימן פון געשטאלט, וואס האט נישט געקאנט זיין קיין אנדערע, ווי פיא.

ער איז געבליבן שטיין עטלעכע רגעס ביי דער טיר: דערנאך איז ער וואקלענדיק, מיט אן אראפגעלאזטן קאפ אריין אין דער ביבליאטעק און פון דארט איז ער דורך די צוויי שכנות-דיקע צימערן אריין אין פיאס שלאפצימער.

ער האט אנגעקלאפט. מען האט נישט געענטפערט. ער האט א דרוק געטון די קליאמקע. די טיר איז געווען אינעווייניק פארשלאסן.

ער איז צוריק אַוועק אין ביבליאָטעק אַ זייער בלייכער, האָט אָנגעצונדן ליכט, זיך געזעצט ביים שרייב-טיש און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט אַזוי, ווי ער איז געזעסן אין דעם קליינעם קאַפע-הויז אין פאָרשטאָט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט האָט ער אויפגעהויבן די אויגן: אויף דער גאַס, הינטער די פענצטער, האָט ער געהערט עמעצן גיין אויף דער גאַס הין-און צוריק לכתּחילה האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז אַ פּאָליציי-פּאַטרול, אָבער אַזוי ווי די טריט האָבן זיך נישט דערווייטערט פון זיין הויז, פון זיין פענצטער, איז ער אויפגעשטאַנען, אָפּגערוקט די פאָרהאַנג און אַרויסגעקוקט.

דער נאַכט-וואַנדערער איז גראָד אַדורכגעגאַנגען, האָט זיך אַנידערגעשטעלט און געקוקט אין דער הויף. אינם ליכט פון לאַמטערן, וואָס איז געשטאַנען נעבן דעם טירל פון גאָרטן, האָט מען אים לייכט געקאָנט דערקענען: עגיד פרוינדאָרפער. ער האָט געטראָגן אויפן קאָפּ אַ ווייכן קאַפּעלוש מיט ברייטע ראַנדן. לודין האָט דעמדאָזיקן קאַפּעלוש געקענט. אַ ציגאַר האָט געשטעקט אין אַ מויל-ווינקל; נעבן די ריזיקע פיס, פון אינטן, האָט זיך נאָכגעשלעפּט, ווי אַ קליינער שאָטן, הער שמידט.

אין אַ נערוועזער גיכקייט האָט לודין געעפנט דאָס פענצטער.

— דאָס ביסטו, עגיד?

— געוויס, בין איך עס. ווער דען? — האָט געענטפערט דער וואַנדערער מיט אַ קול, וואָס איז געווען הייזעריק פון בראָנפן און רויכערן

— אַזוי שפּעט... וואָס... איז עפּעס געשען? פאַרוואָס גייסטו אויף דער גאַס הין-און-צוריק?

— שווער אַהיים צוגיין צוויי בײַנאַכט.

— אַלע איינוווינער קאָנען דיך אָננעמען פאַר אַ פאַרדעכטיקן משוגענעם און ווערן דערשראָקן איבער דיר, מײַן טייערער.

—כ'בין אַרויס אויף אַ קליינעם שפּאַציר, כּדי הער שמידט זאָל קאָנען איינשלינגען אַ ביסל לופט. און דער וועג האָט מיך דערפירט אין דערדאָזיקער געגנט. עס איז זייער ווייט, אמת. אָבער דער מענטש האָט אין זיך זיינע געדאַנקען. אַזוי ווי איך האָב געזען ליכט אין דיין פענצטער, האָב איך מיר אַ טראַכט געטון: דו האָסט דיך ווידער געדאַרפט דערמאָנען אָן דיסקאָלאָסן.

— וואָלסטו נישט געוואָלט אַריין?

— אויב עס וועט דיר נישט שטערן... קאָנען מיר וועגן דעם רעדן. פון דער היינטיקער נאַכט קאָן מען שוין סיי-ווי גאָר נישט מאַכן. הער שמידט באַשליס זיך.

לודין איז שטיל אַרויס, האָט געעפנט די טירן. פון הויז און גאָרטן און אַרויפגעפירט אין דער הויך פרוינדאָרפערן, דערמאָנענדיק אים אין שטוב, אַז ער זאָל אויך גיין שטיל, דעם מאַנטל, דעם שטעקן און דער הוט האָט ער פון אים ערשט אָפּגענומען אין דער ביבליאָטעק.

דער ווינט האָט פאַרהאַקט דאָס אָפענע פענצטער און ווידער עס געעפנט מיט טומל. לודין האָט עס פאָרזיכטיק פאַרריגלט. דערנאָך האָט ער דערקלערט פרוינדאָרפערן, אַז ער קאָן דינען בלויז מיט קאָניאַק.

— גוט, — האָט געברומט פרוינדאָרפער, וועלכער האָט זיך געוואָרפן אין עק פון דער קאַנאַפּע און האָט הער שמידטן אָנגעוויזן אַן אָרט נעבן זיינע פיס.

לודין האָט געבראַכט אַ פלאַש קאָניאַק און אָנגעגאָסן.

— ווי לעבט זיך דיר? וואָס מאַכסטו? — האָט ער געפרעגט מיט אַ געצוווּנגענער פרייקייט.

— ווי איך לעב? — האָט פרוינדאָרפער זיך אַ קראַץ געטון זיך אין קאָפּ, — איך ווייס אַליין נישט. ווי אַזוי זאָל

איך וויסן? נעכטן איז געווען ביי מיר אַ געוויסער הער, אַ פּאַר־
לעגער, ער האָט געהערט, אַז איך שרייב אַ בוך. ער וואָלט
עס געוואָלט אַרויסגעבן אויף אָרנטלעכע באַדינגונגען. אָבער ער
האָט גערעדט און גערעדט, אַז עס איז מיר נישט גוט געוואָרן
און איך האָב זיך אָנגערופן: „איר געפינט זיך דאָ אַ היפּשע
צייט, מיין טייערער הער, און איצט קאָנט איר טאַקע שוין
גיין.“

ער איז רויט געוואָרן פון כעס, איז אויפגעשפּרונגען און
אויסגערופן מיט צאָרן: „צום טייוול, דאָקטאָר, מענטשן זענען
גערעכט, אַז איר זענט נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען.“ אָט
זעסטו, אָט האָסטו, די מיינונג פון דער וועלט וועגן מיר. און
אפשר איז עס אויך מיין אייגענע מיינונג.

ער האָט אַ קוק געטון צום סופיט און געמאַכט אַ מילכל
מיט די גרויסע פינגער זיינע.

אַזוי ווי לודין האָט נישט געענטפערט, האָט ער נאָך אַ
לענגערע פויזע געזאָגט:

— גוט לאָמיר שווייגן. אַזוי לאַנג ווי עמעצן וועט נישט
קומען עפּעס איינטערעסאַנטס אין קאָפּ אַריין וועלן מיר שווייגן.
דאָס איינציקע גוט־געלעזטע פּראָבלעם.

זיין קול האָט געקלונגען האַרט און כמעט מיט פּאַראַכ־
טונג. באַלד האָט ער געוואָרפן דעם מונשטיק פון ציגאַר און
גענומען עפּעס ברומען אַ לידל, צוקלאַפּנדיק מיט די שיך.

לודין האָט אויפגעהויבן דעם מונשטיק און אים געוואָרפן
אין אויוון אַריין. איינקוקנדיק זיך אַראָפּגעבויגענערהייט אין דעם
שוואַרצן לאָך פון אויוון האָט ער, ווי ער וואָלט דאָרט גע־
לייענט די ווערטער, געזאָגט:

— געוויס, איך האָב נישט גערעכנט, אַז אַ צופאַל האָט
דיך געברענגט צו מיין הויז. איך רעכן, אַז איך בין זיך נישט
טועה, איינזעענדיק דערין עפּעס אַ ציל. איך וויל נישט פאָרשן,
די שעה איז אַ פּאַסיקע. האָסטו געקאָנט רעכענען, אַז איך וועל
נאָך נישט שלאָפן, און נאָך ווייניקער, אַז איך וועל זיין גע־
נויגט צו שמועסן. איך בין מיד, איך בין זייער מיד. אויב איך

האָב זיך נאָך נישט געלייגט, איז עס דערפאַר, ווייל איך בין צו שטאַרק מיד און איך האָב מורא פאַרן שלאָף, אָט ביזטו ביי מיר, עגיד. איך האַלט עס פאַר אַ מין טראַף פון גורל און דאָס, כדי דו זאָלסט זיין שטענדיק אינפאָרמירט. איך וואָלט דיר געוואָלט זאָגן דעם גאַנצן אמת וועגן זיך.

— רעד, זון פון טעמידע, — האָט פּרווינדאָרפער געזאָגט און געמאַכט, ווי ער האַלט זיך איין נישט צו געניצן.

לודין האָט זיך אויפגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צו דער קאָרידאָר-טיר, האָט זי געעפנט אָן שאָרך און זיך איינגעהערט; דאַן איז ער אַוועק צו דער טיר פון דעם נאָענסטן צימער און געטון דאָסזעלבע. דערנאָך איז ער ווידער צוריקגעקומען צום אויוון, זיך געזעצט און אָנגעהויבן:

— זינט איך בין דאָס לעצטע מאָל געווען ביי דיר, איז געשען אַזוינס, וואָס האָט מיר שווער געמאַכט דעם וועג צו דיר. עס וואָלט יעדנפאַלס געווען פאַר מיר אַ שווערער וועג, איך וואָלט דיך נישט געקאָנט ברענגען קיין באַרויקנדיקע תשובה, ווי דו האָסט געקאָנט דערוואַרטן; די תשובה וואָלט נישט געווען קיין באַרויקנדיקע דערפאַר, ווייל איך בין נישט מיט איינמאָל, נאָר פּאַמעלעך באַקאַנט געוואָרן אין אַן ענין, וואָס האָט מיר געוויזן מיין פעלער בנוגע דיר, און איך, פון דער צווייטער זייט האָב נישט געהאַט גענוג כוח און מוט דיך באַקאַנט צו מאַכן מיט דעמדאָזיקן ענין.

אין דערדאָזיקער צייט האָב איך זיך פאַרפלאָנטערט אויף אַ באַדויערנווערטן אופן... איך האָב — איך וועל עס נישט באַהאַלטן — פאַרלוירן די אַכטונג צו זיך אַליין. ווען עס זאָל נאָר זיין בלויז דאָס, איך האָב מורא פאַר עפּעס מער. איך האָב מורא, אַז איך האָב פאַרלוירן זיך אַליין.

דו שמייכלסט אַזוי מאָדנע. דו מיינסט אַוודאי, אַז איך האָב עס געוואָלט און האָב דערצו געשטרעבט. ניין, טייערער פריינט. פאַרלוירן? ניין.

פאַרלירן דעם אייגענעם „איך", אָדער אַפילו אַוועקוואַרפן אים, הייסט נאָך נישט, אַז מען איז פּטור געוואָרן פון אים,

הייסט נאָך נישט, אַז מען האָט דעם אַלטן „איך" אויסגעטוישט אויף אַ נייעם אין האַרצן, נאָר ס'הייסט אַנטלויפן אָן גרענעצן פון אַלע באַגריפן און פאָרשטעלונגען.

און וואָס עס באַדייט נאָך? עס דאַכט זיך, אַז דו וואָלסט מיט דיין לינקער האַנט אָנגענומען דיין רעכטע און מיט דער רעכטער די לינקע, כדי זיי ביידע אַרויסצוציען פון אַ טייך. עס איז נישט געווען קיין רעטונג פאַר דערדאָזיקער פרוי. אָן ספק האָט זי פון אָנהויב אָן ריכטיק אָפּגעשאַצט די לאַגע. איך בין געווען פאַרבלענדט און האָב עס געוואָלט זען. די ווייטיקלעכע־רע סיבות שטעל איך אַוועק אָן אַ זייט.

עס האַנדלט זיך איצט נישט מכוח אַן אַנאַליז פון מיין עקזיסטענץ, מכוח אויסמעסטן זי צווישן די מיל־רעדער פון געזעץ און געזעלשאַפט.

דאָס פירט צו ווייט. אין אַ געוויסן פונקט בין איך אַריינ־געפאַלן אין דער מאַכט פון דערדאָזיקער פרוי, און אַריינפאַלן האָב איך געמוזט.

איך מוז מודה זיין, אַז די סיבה איז ליידנשאַפט, די פאַ־טאַלסטע ליידנשאַפט, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. איך האָב זיך דערנידריקט. איך האָב זיך באַפלעקט. איך האָב זיך פאַרפלאָנטערט אין זאַכן, וואָס בלויז פון טראַכטן וועגן זיי וואָלט איך רויט געוואָרן. איך האָב אונטערגענומען צו פירן פּראָצעסן, וואָס אין מינוטן, ווען איך באַדענק זיך, וואָלט איך גערן אַנט־לאָפן איבערן אָקעאַן, און באַהאַלטן זיך אויף אַן איינזאַמען אינדזל.

איך בין געצוווּנגען צו הערן פון באַרימטע מענטשן פון מיין פאַך אומצערמאָניאַלע באַמערקונגען, וואָס קילן מיר דאָס האַרץ און פאַרסמען מיר יעדן ביסן ברויט. איך קום אין באַ־רירונג מיט מענטשן, וואָס איך גיב מיט דרך־ארץ די האַנט, אָבער דיזעלבע לייט האָט דאָס מזל און אומפאַרשעמטקייט אָפּגעהיטן פון טורמע.

איך ווער דערנידריקט צו דער מדרגה פון אַ שליח אין שלאָפצימער ענינים און אַ פינאַנסיסט פון פאַרדעכטיקע אונ־

טערנעמונגען. איך בין דאָס ציל־ברעט פון חוזק פאַר מיינע באַ־קאַנטע און אַ קעגנשטאַנד פון רחמנות פאַר מיינע אַלטע פריינט. איך האָב מורא פאַר דעם בליק פון מיינע טעכטער, איך ציטער צו טרעפן זיך מיט מיין ווייב און איך פיל זיך פרעמד אין מיין הויז. איך קאָן גאָרנישט ענדערן.

פאַר איין שמייכל לודוויגאַס וואָלט איך אפשר געוואָרן אַ פאַרברעכער.. בעת זי קוקט פון דער בינע, אַרומגעהילט מיט פלאַם און איר זשעני, ווער איך איבער גענומען מיט ווייטיק און פרייד פון איר קול שפּרינג איך ממש אַרויס פון די כלים, דורך דעם געשטאַלט, וואָס דער אמת האָט אויסגעטראַכט, פאַרגעס איך, וואָס זי איז, אָדער וואָס זי איז נישט, וואָס זי טוט און וואָס זי טראַכט און די גאַנצע וועלט ווייזט מיר אויס צו זיין לויטער זילבער.

עס נעמט מיך געפאַנגען, אַזוי צו זאָגן, ווען ס׳פעלט אונז אויס אַ באַצייכנונגס־וואָרט. אָבער איך האָב נישט אָנגערירט אַפילו אירע פינגער אָן ערפורכט. צי האָב איך שוין אַמאָל געהאַט געטראַכט וועגן אַ זינלעכער דערנענטערונג און באַציונג... ווייס איך נישט.

זי נעמט מיך אַזוי איבער, ווי דער סוף כל הסופין ווי אַ געוויסער מין טויט, וועלכן מען קאָן נאָך נישט, ווי די אי־בערקערעניש פון אַלע לעבנס־עלעמענטן.

לאַך פון מיר, לאַך. און איך וואָלט געקאָנט לאַכן, ווען איך וואָלט נישט מורא געהאַט, אַז דערפון וועט קומען עפּעס שרעקלעכערס, ווי געלעכטער. ווייל נאָך איינס: איך זע, איך האָב שוין נישט פאַר די אויגן קיין שום פאַרביקע שלייערן. אמת און אומשולד, כאַ־כאַ, שיין, מיר וועלן זיך צעלאַכן, כדי עס זאָל אונז קיצלען אין האַלדז.

אויב עמעצער זאָגט דיר כסדר ליגנט, האָסטו דען קיין געפיל, אַז דו מוזט גיין צו אים, עפענען זיין ברוסט און צום סוף אַרויסקריגן פון אים דעם אמת? האָסטו דען נישט געפילט, ווי מען וועקט דיך צו גיין ליבן דעם נידריקן מענטש און אי־בערקערן אים, ביז ער וועט אַוועקוואַרפן פון זיך דאָס בייז און

ענדערן זיך? אך, דידאָזיקע געפּאַנגשאַפט איז אפשר גאָרנישט היילבאַר, ווייל יעדער רעטונגס-פּרווו שטויסט זיך אָן, אָן דער סאַמע נאַטור.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, איז אויפגעשטאַנען, האָט טיף אָפּגעאָטעמט, זיך ווידער אַוועקגעזעצט און פאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט.

— הער, — האָט פּרוינדאָרפער אַ ברום געטון און ווידער לאַנג געשוויגן.

דערנאָך האָט ער זיך שווער אויפגעהויבן, סאַפּנדיק האָט ער אָנגעטון דעם מאַנטל און הוט און דעם שטעקן אין האַנט אריין

— גייסט אַוועק? — האָט לודין געפרעגט אין אַ פאַרבלאָזן טאָן.

— שוין נאָך דריי, — האָט פּרוינדאָרפער געזאָגט.

— איך פאַרשטיי, אַז דו האָסט שוין גענוג, — האָט דאָסזעלבע פאַרבלאָז קול געענטפערט.

— וואָלסט כאָטש איינמאָל געקאָנט די זאַך אַנדערש אַוועקשטעלן, — האָט פּרוינדאָרפער געענטפערט, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטביידע הענט אויפן שטעקן און איינהויקערנדיק זיך. — כ׳מיין וואָס איז שייך דער רפואה. דערביי קומט, פאַרשטייט זיך, די פראַגע, ווי ווייט די אויסגעשפּרייטע גרענעצן פון באַוווסטזיין פון דיין טעות זענען אין ד־הסכם מיט יענעם מין... ווי אַזוי האָסטו עס אָנגערופן?... נו, מיט יענעם מין געפאַנגשאַפט.

— וואָס מיינסטו?

— מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז געווען ביי מיר דיין קאָלעגע היימעראָ, אָדער ווי הייסט ער דאָרט. אַ פוסטער פאַרשוין. האָט ער בלויז פריזיער-גייסטער אויף לאַגער? עה האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף ווייטברעכטן. און דאָס אין שייכות מיט מיקאָלאַין.

— ווייטברעכט — ?

— דו קענסט דאָך ווייטברעכטן? געוויס. דערזעלבער מי-

קאָלאַי איז געווען ביי אים צוויי טאָג... פריער. פאַרשטייסטו נאָך אַלץ נישט?

— ניין. ווילסטו דערמיט זאָגן, אַז...?

— וויל איך דען עפּעס אַנדערש זאָגן?

— ...זאָגן, אַז...

ביידע שטימען האָבן זיך אָנגעשטויסן ווי צוויי מעסערס.

— קודם-כל זיי וויסן אומבאַקוועמער זון פון טעמידע, אַז נאָך אין אָנהויב אָקטאָבער האָט זיך מיקאָלאַי פאַר מיר פאַרטרויט, אַז ער האָט נאָך ביז-אַהער קיינמאָל נישט באַרירט קיין פרוי. ער איז אייגנמאָל אַהיימגעקומען שפּעטער, ווי געוויינלעך. איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַ טייוול עס האָט מיך געטריבן דערצו אָדער צי ס'איז מיר סתם איינגעפאַלן, גענוג, אַז איך בין אַריין צו אים, געהאַלטן אַ פאָטערלעכע דרשה וועגן געזונט און אים אָנגעוויזן אויף דעם געפאַר, וואָס אַ יונגער מענטש קאָן באַגעגענען אין געוויסע ערטער; איך האָב גערעדט זייער פריי. אויף אַ קאָלעגיאַלן אופן. ער איז געלעגן אין בעט און געלייענט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף די הענט. איך זע אים נאָך איצט פאַר מיר, ער הויבט אויף די אויגן און קוקט צו מיר אַ ביסל איראָניש, ווערט רויט און זאָגט מיר ווערטלעך: „דערוייל, פאָטער האָסטו נישט מורא צו האָבן אין דעם פּרט. איך בין נאָך אַזאַ ווי איך בין געווען אין טויף-טאָג“. איך האָב זיך געפילט בליאַמירט, האָב פאַרמאַכט דאָס מויל און בין אַרויסגעגאַנגען. דאַרף איך נאָך רעדן דייטלעכער, כדי דו זאָלסט ענדלעך פאַרשטיין?

לודינס פּנים איז געוואָרן טויט-בלייך. עס האָט אויסגעזען, אַז פּאַמעלעך, וואָרט נאָך וואָרט, הויבט ער אָן צו פאַרשטיין דאָס, וואָס ער האָט געהערט.

דערנאָך האָט ער זוך אויסגעלאַכט; האָט מאָדנע אַ שמייכל געטון און געזאָגט אין אַן אייז-קאַלטן טאָן.

— דערלויב מיר, נישט געקוקט אויף אונזער אַלטער פריינטשאַפט, אַז איך זאָל דיר נישט גלויבן. איך קאָן עס נישט נעמען צו קענטניש. איך בין, ווי איך זע, שולדיק דער געזעלשאַפט דעם איבעריקן גלויבן און אַכטונג צו זיך. איך האָב מיר

גענוג ווייט געטרוקט אין דעם, וואָס איך האָב אַנטדעקט. אין דעם זומפּ פון מיאוסע רכילות-קלאַנגען קאָן איך מיר—דיר נישט אַריין. דאָס איז דער זעלבסטדערהאַלטונגס-אינסטינקט: איך האַלט אַז דו ביזט בלויז אַ לייכטגלויביקער קרבן.

פּרווינדאָרפער, נאָך אַלץ אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן און איינגעהויקערט, דערביי האָט זיך זיין ריזיקער קערפּער אַ ביסל געוואַקלט, האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט אַ בייזער אָנגע־כמורעטער נייגעריקייט.

— גוט, — האָט ער געזאָגט, — האַלט. האַלט. האַלט, וואָס דו ווילסט, האַלט ביז דו וועסט אַליין אָפּרופן, וואָס דו האַלסט. הער שמידט ווייסט, אַז איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, אַז דו זאָלסט אָפּרופן.

איך וויל בלויז פעסטשטעלן אָט וואָס: איך האָב נישט באַזוכט דעם פּראָפעסאָר ברייטרעכט אַזש ביז איצט. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל איך האָב אָפּגעלייגט. איך האָב ביז-איצט געפילט אַ פאַרשאָלטענעם פחד דערפאַר, אָבער איצט מוז איך ענדלעך גיין צו דעמדאָזיקן מענטש. אפשר נישט באַלד. אפשר מאָרגן. טוען באַלד מאָרגן דאָס, וואָס מען באַשליסט היינט, איז פּעדאַנ־טעריע. אפשר אין דריי און אפשר אין פיר טעג אַרום. זייער מעגלעך, אַז מאָרגן; ווער קאָן עס וויסן? אָבער, אַז איך וועל אַמאָל גיין צו אים, טייערער פריינט, עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דאָס איז נישט קיין רכילות-קלאַנג... נאָר אַזוינס, וואָס מען קאָן נישט אָפּרופן, דעמאָלס, נו, דעמאָלס... אַ גוטע נאַכט. דו ביזט מיר אַ שאָד, דיסקאָלאַס. קום, הער שמידט — .

ער האָט זיך אויסגעדרייט. לודין האָט אים אַרויסגעפירט אין שווייגן.

# LIV

צומאַרגנס האָט זיך פּיאַ נישט געוויזן צום פרישטיק. זי איז שוין געהאַט פריער געזעסן מיט די 2 פריילנס, האָט אָנגעזאָגט דער דינסט און די טעכטער אָפּגעפירט אין דער שול.

אַזוי ווי עס איז געווען אַ שיינער פרילינגס-טאָג, האָט לודין נישט געוואונדערט זיך דערוועגן.

אָבער ווען ער איז אויפגעשטאַנען, כדי אַרויסצוגיין, איז פּיאַ אַריינגעקומען אין צימער.

— קאָנסטו מיר שענקען אַ פינף מינוט, פרידריך? — האָט זי געפרעגט.

זי האָט פאַרנומען אַן אָרט קעגנאיבער אים, האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויפן טיש, האָט זיך לייכט אויסגעבויגן פאָרויס און געזאָגט מיט דעמזעלבן געמיטלעכן טאָן:

— איך וואָלט געוואָלט, מיין טייערער, אַריינגעבן דיר אַ געדאַנק, אַז דו זאָלסט אויף אַ צייט אַריבערטראָגן זיך אין דער שטאָט.

איך מיין, אַז ביי די איצטיקע באַדינגונגען איז עס אַ זייער פּאַסיקע זאַך פאַר דיר. פאַר דיר און פאַר אונז, דאָס הייסט, פאַר מיר און פאַר די קינדער. עס זענען דערביי נישטאָ קיין שום שוועריקייטן.

אַלס סיבה וועלן מיר אָנזאָגן, אַז די געשעפטן צווינגען דיך אַ געוויסע צייט צו וווינען נאָענט צו דער קאַנצעלאַריע.

איך זע, אַז דאָס פּאָרן יעדן טאָג אַזוי שפּעט ביינאַכט, ווי דאָס קומט לעצטנס פאָר, פּאַרמאַטערט דיך צופיל. וואָס שייך אַ וווינונג, האָב איך שוין געטון דערוועגן. האַלב אַכט האָב איך טעלעפאָנירט צו פרוי דאַמראָש.

דאָס איז אַ קלוגע און ערנסטע דאַמע, און איר פאַר־שטאָרבענער מאַן האָט דיך ליב געהאַט. זי וועט דאָס נישט פאַרגעסן.

זי האָט צופיל אָרט אין איר וווינונג און זי איז מיט פרייד גרייט דיך אויפצונעמען. וואָס מיינסטו דערוועגן, פריד־ריך? דו וואָלסט זיך נאָך היינט געקאָנט אַריינציען צו איר.

איך וואָלט, פאַרשטייט זיך, דיינע זאַכן איינגעפּאַקט און נאָך היינט וואָלסטו געקאָנט שלאָפן אויף דער לעבלשטראַסע? איז אַזוי נישט בעסער.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַ שמייכל. יעדער שטריך פון איר פּנים האָט אויסגעדריקט בלויז האַרציקע זאָרג, אַ הייסן ווונטש צו דינען אים און צוצוגעבן אירע ווערטער דעם אויס־זען, אַז זיי האָבן נישט קיין גרויסע באַדייטונג און זענען דיק־טירט געוואָרן דורך דער פּראַקטישער נויטווענדיקייט. נישט גע־קוקט דערויף האָט לודין, ווערלכער האָט זיך נישט באַלד געקאָנט צונויפנעמען און געבן אַן ענטפער און עס האָט זיך אַ ווײַלע אויסגעדאַכט, אַז דאָס צימער דרייט זיך אַרום אים, האָט אין איר פּנים באַמערקט עפּעס נייעס, וואָס האָט אַרויסגערופן אין אים אַ צעמישנדיקע דערשטוינונג.

ער האָט גענומען אין האַנט אַ סערוועטקע, האָט זי אַרײַנגערוקט אין אַ זילבערן רײַפל און בחנם זיך באַמיט עפּעס צו זאָגן.

— פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וועט גאָר זיין אויף אַ צייט, האָט פּיאַ געצויגן — דערנאָך וועט מען טראַכטן, וואָס עס דאַרף ווייטער זיין און מיר וועלן רעדן דערוועגן. אָבער דער־ווײַל איז עס נויטיק און פּשוט. מיינסטו נישט אַזוי?

לודין האָט עטלעכע מאָל דאָס שפּייעכץ אַראָפּגעשלונגען,

מיט די שפּיצן פינגער האָט ער אַראָפּגעשאָקלט פון די קני עט־לעכע קרישעלעך, וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן פון דער סערוועטקע און געזאָגט:

— עס דאַכט זיך מיר, אַז דו ביסט גערעכט, פּיאַ. אַזוי ווי דו זעסט איין, אַז עס איז נויטיק און עס וועט זיין פאַר מיר בעסער, נו, איז עס זיכער כּדאַי צו טון. איך האָב גאָר־נישט קעגן דעם. איך וועל זיך אין דעם פאַל איינגאַנצן אונ־טערוואַרפן דיין ווילן.

פּיאַ האָט אויסגעוויזן נישט צו דערוואַרטן עפּעס אַנ־דערש.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און נאָך איינס, — האָט זי אויפסניי אָנגעהויבן און זיך פאַררויטלט, וואָס איז נישט אָנגענעם געווען, ווייל אין כּעס אויף זיך אַליין האָט זי אָפּגעווענדט דעם קאָפּ אין אַ זייט, — האָב איך דיר געוואָלט זאָגן, פרידריך, דו זאָלסט דיך נישט שפּילן אין קיין שום „צוליב מיין פרוי", דו ביסט פריי. דו ביסט אַ פולשטענדיק פרייער מענטש. וואָס שייך מיין פערזאָן, האָב איך צו דיר נישט קיין שום פאַרלאַנגען, אַפילו נישט די מינדסטע. טו אַזוי ווי דו פאַרשטייסט, און קאָנסט שטענדיק און אין אַלץ וואָס דו טוסט, זיכער זיין אין מיין הסכּמה. מיר דאַרפן נישט קיין איין וואָרט מער פאַרלירן וועגן דעם. דו דאַרפסט זיך נישט פאַרענטפערן פאַר מיר. טו, וואָס דו ווילסט. איך האָב צו דיר צוטרוי. ביסט פריי.

איידער לודין האָט געקאָנט ענטפערן, איידער ער האָט אַפילו געקאָנט געפינען אַן ענטפער, איז זי אויפגעשטאַנען און מיט אַ נייעם העפלעכן שאָקל מיטן קאָפּ האָט זי פאַרלאָזט דאָס צימער.

ער איז אַ ווײַלע געזעסן, פאַרטיפט אין זיך, דערנאָך איז ער געפאָרן אין שטאָט אַריין.

נאָכמיטיק האָט ער געמאַכט אַ וויזיט די פרוי דאַמראָש. דאָס איז געווען אַ זיבעציק־יאָריקע זקנה, אַ ביסל אַ טויבע, זי האָט באַנוצט אַ געמיטלעכע געזעלשאַפטלעכע פאָרם און אַ האַלטונג

פון שוין לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטן.

ער האָט גוט געדענקט איר מאַן,דעם פרעזעס פון העכסטן געריכט.

ער האָט אים שטאַרק געשעצט.

אַ גרויסער קופער מיט זיינע זאַכן איז שוין געשטאַנען אין אַ צימער, וואָס איז פאַר אים געווען באַשטימט.

— הייסט עס, אַז דאָס איז פיאַ, — האָט ער געשעפּטשעט צו זיך פאַרחידושט און צעמישט.

בעת ער איז צוריק אַוועק אין דער קאַנצעלאַריע, האָט שוין דערקום געוואַרט אויף אים.

## LV

זי איז אריין אין דעם ווארטע-צימער פאַר די אינטע-רעסאַנטן.

אַז דער דינער רידיגער האָט איר פאַרזיכערט, אַז לודין מוז קומען אַ ליאַדע מינוט, איז זי אריין אין זיין קאַבינעט, נישט קוקנדיק אויף דער פאַרוווּנדערונג פונם אַלטן דינער.

דאָרט האָט זי אומגעדולדיק גענומען שפּאַצירן הין-און-צוריק.

— איר דאָ?... — האָט ער פאַרחידושט אויסגערופן, אַריינקומענדיק.

ער איז צו צו איר מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס.

יאָ, זי איז צוריקגעקומען מיט דריי טאָג שפּעטער. זי האָט איבערגעריסן די גאַסטראָלן. זי האָט געהאַט אומאָנגענעמלעכקייטן.

אַ חוץ דעם איז זי בכלל נישט געווען אָן קיין שטימונג. זי האָט געשפּילט ווי אַ בהמה. זי איז אַריינגעפאַלן אין אַן אַפּערע.

זי האָט געוואָלט טעלעגראַפירן צו אים, אָבער שפּעטער האָט זי באַשלאָסן אַליין צו קומען צופאָרן. דער אימפּרעסאַריאָ און זיינע אַגענטן זענען, פאַרשטייט זיך, אין כּעס. זאָלן זיי זיין אין כּעס.

עס ווילט זי, וואָס די אידיאָטן שפּרינגען פון דער הויט, און דעמאָלט דערקאָנט מען זיי אַזוי לייכט. וואָס פאַר אַן אַפּערע?

עס גייט וועגן געלט; ווידער וועגן געלט. ביז זיבן אַזוי־נער מוז זי האָבן פערצן מיליאָן.

אין אַ שפּאָטנדיקער פּויזע האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם ביבליאָטעק־זייל.

די פינגער פון דער רעכטער האַנט האָבן זיך נערוועז געשפּילט מיט אַ גאָלדן קייטעלע.

ווען זי האָט גערעדט וועגן געלט־זאַכן, זענען אירע אויגן, פּונקט ווי שטענדיק, אַנדערש געוואָרן; דער גאָלדיק־ברוינער גלאַנץ אין זייער טיפעניש איז געוואָרן גרינלעך. שנעל האָט זיך אויך געענדערט איר פּנים, אַט איז עס געווען ליידנשאַפט־לעך צערייצט און אַט אויספּאָרשנדיק־רויִק, אַט האַרט און פאַר־עקשנט און אַט נאָכגיביק ביז גאָר.

אירע בליצהאַפטע זיך ענדערנדיקע שטימונגען האָט מען, אַ חוץ אויף איר פּנים, אויך דערקענט אין דעם פאַלדעוועץ פון איר קלייד, אין דעם שפּרינגען פון די פיס, אין די האַסטיקע בליקן.

אַלץ איז געווען אין דער אומאויפהערלעכער באַוועגונג פון אירע גלידער. הערשן איבער דידאָזיקע באַוועגונגען איז געווען אַ פרייד.

— צי וואָס אַזאַ באַדייטנדיקע סומע און פאַרוואָס אַזוי דרינגענדיק?—האָט לודין געפרעגט.

צי וואָס! צי וואָס! די אַפּערע פאַרלאַנגט עס. עס איז דאָ אַ געפאַר.

מיט צוויי וואָכן צוריק האָט זי געקויפט ביים יוּווילירעסלינגער אַ האַלזבאַנד פון שמאַראַגדן, אָבער זי האָט נישט באַצאָלט פאַר אים.

פאַר דער רייזע האָט זי געדאַרפט געלט, כדי צו באַצאָלן פאַר עפּעס אַנדערש.

זי האָט פאַרזעצט דעם האַלזבאַנד. דער טייוול ווייסט ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו — עסלינגער האָט זיך דערוווּסט אַז דער האַלזבאַנד איז פאַרזעצט און ער האָט געהאַט די חוצפּה צו טעלעגראַפירן, אַז אויב ער וועט ביז צו דער און דער שעה

פון דעם און דעם טאָג נישט קריגן דעם האַלזבאַנד אָדער געלט װעט ער אַריינטראָגן צו דער פּאָליציי אַן אָנקלאַגע װעגן שװינדל און אויספּרעסונג.

גיט אַ טראַכט דערװעגן! שטעלט זיך דאָס פאָר! אַן אָנקלאַגע קעגן איר, לודװיגאַ דערקום!

— נו, זעט איר צי װאָס, טייערסטער פריינד!

לודין איז בלאַס געװאָרן. ער האָט זיך געזעצט און אַ שטומער געקוקט אויף דער ערד.

זי האָט זיך דערנענטערט צו אים. פּלוצלינג האָט זי אָנגעהויבן װיינען.

זי האָט צוגעדריקט די ליפּן אויף זיינע האָר און איבער איר גאַנצן לייב איז דורך אַ שוידער.

— צי בין איך נישט לודינס לוי, טאָר איך נישט װענדן זיך צו אים, בעת די גאַנצע װעלט האָט זיך פאַרשװוירן קעגן מיר? — האָט זי אויסגערופן מיטן צער פון אַ פאַרװאָרלאָזט קינד און אַרומגענומען מיט ביידע הענט זיינע אַקסלען.

בין איך נישט לודינס לוי! װער קאָן עס אָפּלייקענען? אין די טרערן; אַ טרויעריק ציטערן פון אַ יינגליש-שלאַנקן גוף; אַן אויסדרוק פון בושה, אויפרעגונג, צער; אַ װוּנדערלעך בעטנדיקע, בעטנדיק מיט יעדער באַװעגונג פון דער האַנט; װאָס קאָן דאָ זיין אַן אַנשטעל? װוּ איז דאָ געװען געקינסטלטקייט, אָדער ליגנט, אויסגעלערנטע ראַפינעריע, אָדער געגנאַרערישע שטיק?

בין איך נישט לודינס לוי? און דאָס קול: אַ מעלאָדישע װירקלעכקייט, װי אין אַן אומרויקן חלום װאָלט פּלוצלינג אַ שאָס אַרויס געשפּון אַ פאַרביקער פאַנטאַן.

לודין האָט אָנגענומען איר האַנט און מיט פייער זי צוגעדריקט צו די ליפּן.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו איר, װי צו אַ װעזן, װאָס שטייט אַ סך העכער פון אים. ער האָט כמעט דערשראָקן געזאָגט:

— עס איז אוממעגלעך נאָך היינט אַרויסצוקריגן געלט

עס איז שוין נאָך פיר. צו שפּעט.

— מען קאָן גיין צו עסלינגערן און גאַראַנטירן, — האָט לוי געזאָגט. — אַז לודין וועט גאַראַנטורן, וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג.

ער האָט זיך דערשראָקן.

— דאָס איז אויך נישט מעגלעך, לוי. פּערזענלעך זיך אַרײַנצומישן... איך שטעל צופּיל איין... איר מוזט עס פאַרשטיין.

לוי האָט צונויפגעדריקט די ליפּן.

— איך פאַרשטיי, — האָט זי קאַלט געזאָגט, אויסגלײַכנדיק זיך. — צוליב אײַער אַגזשן און גוטן נאָמען. איך פאַרשטיי, איך וועל מוזן אַ טראַכט טון, ווי אַזוי די זאַך אַדורכצופירן.

באַוועגנדיק מיט די אַקסלען, האָט זי גענומען דעם מאַנטל.

— נאָך אַ ווײַלע, — האָט לודין געזאָגט, אויפשטעלנדיק זיך. — לוי, איך האָב אײַך נישט אָפּגעזאָגט מײַן הילף. עס וועט זיך געפינען אַן אויסוועג. הגם איך לייקן נישט, אַז די זאַך פאַרשאַפט מיר דאגות. אָבער פריער מוזן מיר עפּעס דערליידיקן צווישן זיך.

לוי האָט אים געקוקט אין פּנים אַרײַן קאַלט, אַ געשפּאַנטע.

לודין האָט געצויגן:

— שוין ביי אַן ענלעכע געלעגנהייט האָב איך זיך באַמיט צו באַקומען פון אײַך אַ קעגנזײַטיקע טובה. אַן אומאַנגענעמע לאַגע. עס זעט אויס: אַזוי ווי איך דיר, דו מיר. אָבער דאָ האַנדלט זיך נישט אַזוי ווי דעמאָלט, וועגן אַ פּשוטער אינפאָרמאַציע, אויסצודרוקן זיך אויף אַן אַדוואָקאַטישן אופן, אַן אינפאָרמאַציע, וואָס עס איז אײַך געלונגען אַרויסצודרייען זיך פון איר. הײַנט האַנדלט זיך וועגן אַ לעבעדיקן מענטש, וועגן אַ לעבן, אַ לעבן פון אַן אומגליקלעכן, וואָס איז אָפּהענגיק פון אײַער באַשלוס. איך טאָר דעריבער נישט קוקן אויף די אומאַנ-

געגעמלעכקייטן...

— וואָס איז? וואָס אַזוינס? — האָט לוי געפּאָרשט מיט דער הכסטער אומגעדולדיקייט, צונויפציענדיק די ברעמען.

— אַרנאָלד קעלער איז געווען ביי מיר.

— אַ! — האָט זי אויסגערופן, פאַרוואַרפנדיק דעם קאָפּ אויף הינטן.

אירע געזיכטס-שטריכן זענען געווען האַרט.

— אפשר אַלס פאַרגיטיקונג פאַר געוויסע, נישט אומבאַדייטנדיקע לייסטונגען, וואָס איך האָב געטון פאַר אייך אונפאַר אַזעלכע, וואָס איך האָף נאָך צו טון...

— קיין איין וואָרט נישט מער! — האָט לודוויגאַ אים איבערגעריסן. — איך קאָן עס. איך ווייס, וואָס דידאָזיקע עקלהאַפטע בריאה פאָדערט. זינט אַ וואָך צייט באָמבאַרדירט מיך דערדאָזיקער משוגענער מיט בריוו. אויב איר וועט מיר גאָך דערמאָנען וועגן דעם, האָבן מיר שוין גאָרנישט צו רעדן צווישן זיך.

— איך חזר איבער, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשלעכן לעבן, — האָט לודין געענטפערט רויק און זיכער — איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז וואָס ער האָט דערציילט איז אמת.

ער האָט מיך אויפגעטרייסלט פרוי לוי, ער האָט מיך איבערגענומען, ווי נאָך קיינמאָל נישט ביז-אַהער.

לוי האָט אין עקל אויסגעקרומט דאָס פּנים.

— די סאָלידאַריטעט מיט דעמדאָזיקן פאַרשוין ברענגט אייך נישט קיין כבוד, — האָט זי אויסגערופן מיט פאַראַכטונג, — גענוג מיט אים, גענוג וועגן אַזעלכע ווי ער. באַמיט אייך נישט.

— איך האָב אים צוגעזאָגט צו ענטפערן, — האָט לודין געזאָגט מיט אויפריכטיקייט און מיט דער לאָיאַליטעט פון זיין צוואַנציקיאָריקער דינסט פאַרן ווויל פון כּלל. — איר טאָרט אים נישט טרעטן מיט די פיס.

— פאַרוואָס נישט? וואָס דען זאָל איך טון מיט איס?

— אַפילו ווען זיין עקזיסטענץ זאָל זיין פאַר אייך שרעק־לעך אומאָנגענעם און פאַרהאַסט, האָבן מיר פאָרט צו טון מיט אַ מענטש, מיט אַ לעבן, און איר האָט נישט קיין רעכט אַ חל צו מאַכן פון אַ מענטשלעך לעבן.

זי איז אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער.

— ווירקלעך? — האָט זי געקוקט מיט ברענענדיקע אויגן אַרויספאָדערנדיק און נייגעריק אין לודינס פּנים, — און אויב איך וועל, נישט געקוקט דערויף, מיר נעמען אַזאַ רעכט?

— דערדאָזיקער מענטש פאָדערט בלויז פון אייך, אַז ער זאָל ווערן טאָלערירט, — האָט לודין ווייטער געפּרעגט, — ווי אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט?..

צי קאָן ער באַקומען פון איר אַכט טאָג אין יאָר?.. ער וועט זיך באַגנוגענען דערמיט, וואָס ער וועט קאָנען ליגן ביי דער טיר ווי אַ הונט.

מיין גאָט, דאָס איז אַ מאַניע, אַ טרויעריקע, אומנאַטיר־לעכע מאַניע.

עס שטעקט דערין עפּעס נידריקס אומגעווייגלעכס; אמת, אמת. אָבער ווער פון אונז מאַכט אָפּט נישט אָפּהענגיק זיין רעטונג פון אַ מאַניע?

דערבאַרעמט אייך לוי. דערבאַרעמט זיך איבער זיך אַליין נעמט אויף זיך נישט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט; דערדאָזיקער מענטש מיינט ערנסט. שליסט מיט אים שלום. איר זענט שולדיק לגבי אים.

אויב איך זאָל גלויבן, אַז איך באַדייט עפּעס פאַר אייך, אַז איר האָט פאַר מיר אַ פונק פון פריינטשאַפט, דאַן זאָלן מיינע ווערטער נישט אַוועק מיטן ווינט.

ער האָט געפּרוווט שמייכלען מיט אַ גוטהאַרציק־בעטנדיקן שמייכל, האָט באַוויזן, ווי טיף ער איז איבערגענומען מיט זיין שליחות.

דער שמייכל איז אָפּגעשטאָרבן באַלד ווי ער איז געבוירן

געוואָרן, ווייל לוי, אויסציענדיק דעם האַלז און דעם קאָפּ, האָט מיט דער באַוועגונג פון אַ פאַנטערע שנעל געענטפערט:

— מיינט איר, אַז זיין לעבן האָט וועלכע עס איז באַ-דייטונג פאַר מיר? — האָט זי זיך אָנגערופן מיט אַ בייזן טריומף — מיינט איר, אַז דאָס לעבן פון וועלכן עס איז מענס-פּערשוין האָט פאַר מיר אַ באַדייטונג? אויף קיין האָר נישט! — האָט זי געקלאַפּט מיט די פינגער. —

עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ פאַנטאַן שפּריצט פון איר מויל.

אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט זינט יאָרן, איז אויסגע-בראָכן מיט צאָרן; רויע און נידריקע אינסטינקטן האָבן זיך אויסגעמישט מיט הייסע און ברענענדיקע געפילן און פון זיי האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי, פון דער טיפעניש פון דער ברוסט פון אַ פאַלק.

לודין האָט געקעמפט מיט דער סטיכישער נאַטור-קראַפט; געפילן פון מאַכטלאָזיקייט האָבן ביי אים אָבער נישט צוגענו-מען דעם חשק איינצוהאַלטן און דערשטיקן דידאָזיקע נאַטור-קראַפט.

דאָס געפיל פון באַוווּנדערונג, ווי פאַר דעם אויסברוך פון אַ ווולקאַן האָט אים נישט דערלויבט צו פאַרטיידיקן זיך קעגן אַ געוויסער שעמעוודיקייט פאַר דעם, נישט קאָנען זיך איינ-האַלטן.

ער האָט געקעמפט מיט דער מינע, מיט דער זשעסטיקו-לאַציע און מיטן בליק.

ער האָט געקעמפט פאַר יענעם לעבן, פאַרן לעבן פון אַ מענטש, וואָס איז אים געווען פרעמד און האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער איז אויך זיך אַליין פרעמד, ווי ער וואָלט געשטאַנען אויף אַן אויסגעטראַכטער בינע און געשפּילט די ראָל פון אַ שטום געשטאַלט אין אַ פּיעסע, וואָס איר אינהאַלט האָט ער זיך דערוווּסט בלויז פון איין סצענע.

עס איז שווער צו זאָגן, וואָס אַזוינס האָט לודוויגאַן אין דער איצטיקער מינוט אַרויסגעשטויסן פון גלייכגעוויכט. עס האָט

געקאָנט זיין נישט מער ווי אַ קאַפּריז; אַן איבערגערייצטקייט, וואָס האָט מיט דעם אייגנטלעכן ענין נישק קיין שייכות.

לודין האָט געפאָדערט רחמנות. די איבערלעבונגען האָבן אין טיר נישט איבערגעלאָזט קיין רחמנות. עס איז אין איר נישט געווען קיין אָרט דערויף.

זי האָט מקריב געווען די יוגנט און דעם פרילינג פון אירע יאָרן.

זי האָט באַצאָלט מיט זיי די מענער? זי קאָן אָט דעם־דאָזיקן מין. זי איז געטריבן געוואָרן דורך דעם קנוט און אויס־געליידיקט פון שיינע האָפנונגען.

זי ווייסט גאָרנישט פון איר פאָטער; קיין ברידער האָט זי קיינמאָל נישט געהאַט.

אַן אויסנאַם האָט זי געמאַכט פאַר עטלעכע פריינט, הגם זיי זענען נישט געווען אַזעלכע ווייסע קראָען, ווי זיי האָבן זיך געוואָלט ווייזן; זיי זענען געווען אַנדערע! זי קען פּנימער, מאַנירן, פאַנג־שטיקלעך, געשיכטעס, מאַסקעס; זי קען קרעמער און פירשטן, בערזע־שפּעקולאַנטן און גענעראַלן, מיניסטאָרן און קאָמיוואָיאַזשאָרן, באַאַמטע און גייסטלעכע, ליטעראַטן און דיפּ־לאָמאַטן, טענצערס און פּראָפעסאָרן. זי קען ערלעכע, פּשוטע, איידעלע, פרומע, אידעאַליסטן, שווינדלער, באַטריגער, בונטאַר־ניקעס, קמצנים, פאַרשווענדער, פאָטערס פון קינדער, יונגע בחורים שעפּסלעך און וועלף. וועמען קען זי נישט! זיי ווימלען דאָך אַרום איר, ווי ווערעם.

אַ סך האַלטן זיך פאַר חשובע לייט. זיי זענען עס אָבער נישט.

אַנדערע מאַכן זיך פאַר דעמאָנען, דעמאָלט ווילן זיי נאָך מער.

פיל שווערן, אַז זיי שטאַרבן פון ליבע. אַז מען האַלט זיי ביים וואָרט, מאַכן זיי זיך תּמעוואַטע. אַנדערע שטאַרבן ווירקלעך.

פון זיי האָט מען צומערסטן דאַגות. צי וואָס וואָלט גע־טויגט זייער לעבן, אַז אויב דערפאַר, ווייל אַן אַנדערער מענטש

ווייל נישט לאָזן זיך נעמען, וואַרפן זיי עס אוועק, ווי אַן אַלטן שיך?

יעדן קאָן מען קויפן פאַר אַ פאַלשע פּאַנעטע, פאַר אַן אומפאַרשעמטע, קליינע, באַטריגערישע פרייד. אַזאַ פרוי ווי זי קאָן קיינמאָל נישט ווערן קיין מוטער, דער בּאָדן איז פאַרדאָרבּן בּיז צום שורש.

זי קאָן אויך נישט האָבּן קיין רעספּעקט. די מענער האָבּן אַ תּל געמאַכט פון איר ליבּע צו אַ מענטשן. צייטנווייז זעט זי אויס ווי אַ חיהלע אויף געיעג.

אויבּ זי וויל אַדורכרייסן די קייט, מוז זי נעמען צו הילף אויסגעלערנטע שפּיצלעך.

זי געדענקט אַ געוויסע נאַכט אין פּויזן. דאָס איז געווען בּעתן קריג. די אָפיצירן זענען צוריקגעקומען פון פראָנט אויס־געהונגערטע.

אַ געזעלשאַפט פון האַלבּ־שיכּורע פאַרשוינען האָט מיט שטורעם פאַרנומען איר וווינונג, אַרויסגעשלעפּט זי פון בּעט אַזוי, אַז זי האָט קוים געהאַט אַרויפצוואַרפן אויף זיך אַ קליידל, און זי געצווּנגען צו פירן צו אַ חברה הולטאַיעס אין דעם אַזויגערופענעם גרונט־האָטעל, מען הייסט זי זיך זעצן צום טיש און ווייזן פריילעכע זאַכן אַזש בּיז פאַרטאָגס, און זיי ווערן אין כּעס, ווען זי וויל זיך זיי נישט אָפּגעבּן און וואַרפט זיי אין פּנים גאַנצע פּעק הונדערטער גולדנס, מיט וועלכע זיי האָבּן זי בּאַשיט.

צו דעם קומט צו אַ ציגיינער־מוזיק און עטלעכע פּויליש־יידישע פרויען, וואָס האָבּן זיי געוויזן זייער פאַרצווייפלונגס־טאַנץ. וואָס ווייטער? וויל לודין באַכמער? יאָ, זי קאָן אים דינען; זי קאָן אים דינען מיט אַזאַ סחורה, וויפיל ער וויל.

זאָל זי מורא האָבּן, אויבּ עמעצער פון דידאָזיקע לייט, וועלכן עס איז צופעליק געלונגען מיט איר חתונה צו האָבּן, קומט צוגיין מיט אַ געוויין און פּלוידערט וועגן רעכט און וועגן דעם, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון פאַמיליען־בּעט און וויל גאָר

בלויז זיין אַ שותּף צום טיש. זאָל זי צוליב דעם פאַרגיסן טרערן? צען אַזעלכע לעבנס, ווי זיינע, זענען נישט ווערט אירס אַן איינציקע נאַכט. אַכט טאָג! אַכט טאָג קאָנען זיין אַכט דורות:

אין צען טאָג קאָן דער מענטש אויסראָטן דעם עקל. פאַר איר איז נישט פאַראַן קיין קורצע און קיין לאַנגע צייט, פאַר איר איז עס אַ פולע און אַ פוסטע צייט; אַ צייט, אין וועלכער זי וואַקסט און אין וועלכער זי וועלקט.

זי דריקט צונויף איר האַרץ אין אַ סעקונדע און דאָס איז איר אייביקייט.

אַזעלכע איז זי, אַזאַ נאַטור האָט זי, קיינער ווייסט נישט דערוועגן, קיינער האָט עס נאָך נישט אַנטדעקט און עס איז נישטאָ אַזאַ פּרייז, פאַר וועלכן זי וואָלט אָוועקגעגעבן דאָס, וואָס קיינער אין איר האָט נאָך נישט באַזיצט. ווייטער איז גאָרנישטאָ וואָס צו זאָגן.

ביי די לעצטע ווערטער האָט זי געשיקט ווי אַיאַשטשער-קע זיך אַריינגעגליטשט אינם מאַנטל און איידער לודין האָט באַוויזן צו באַמערקן עס, איז זי אַנטלאָפן.

אויף דער גאַס האָט זי זיך איינגעטוליעט און טיף אָפּגע-אָטעמט און פריילעך געשמייכלט דערפון, וואָס זי האָט זיך איצט אַזוי שטאַרק דערפילט, פרעגנדיק:

— וואָס וועט ער איצט טון?

זי איז תּיכּף אַוועק צום יוּוועליר עסלינגער, וועלכן זי האָט מיט לודינס נאָמען אָן שוועריקייטן באַוויזן צו פאַרלענ-גערן איר דעם טערמין אויף צוויי טעג.

## LVI

צען מינוט נאָך איר אַוועקגיין איז לודין אויך אַרויס פון דער קאַנצעלאַריע. ער איז געפאָרן אין דער באַנק. די פענצ־טערלעך זענען געווען פאַרמאַכט.

ער האָט זיך געהייסן מעלדן אין קאָמיסאַריאַט און גע־פרעגט, צי עס וואָלט נישט מעגלעך געווען צו באַקומען נאָך היינט פירהונדערט מיליאָן.

מען האָט אויסגעדריקט באַדויערן.

ער האָט געוווּסט, אַז ער פאַרמאָגט נישט אַזאַ סומע אין מזומן און ער האָט געהייסן זיך ברענגען אַ רשימה פון זיינע ווערט־פאַפירן.

איבערקוקנדיק די קורסן, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז ער וואָלט זיי געקאָנט פאַרקויפן נאָר מיט גרויסע היזקות. ער האָט זיך געוואַקלט צו ענטפערן און דערקלערט, אַז ער וועט טעלעפאָנירן מאָרגן אין דער צייט פון דער בערזע; ער איז פלומרשט געווען גלייכגילטיק אין וועלכער שעה ער וועט דאָס געלט באַקומען, אָבער זיין פנים האָט געזאָגט, אַז ער מוז עס נאָך היינט האָבן. ער איז אַנטשלאָסן צו קריגן עס ערגעץ. ער איז געפאָרן צו אַ באַקאַנטן באַנקיר, וואָס האָט געהאַט אַ קאָנ־טאָר אין רינג.

די בזירה איז נאָך געווען אָפן, דער אינהאַבער איז אָבער נישט געווען, נאָר אַזוי ווי לודין האָט דערקלערט איינעם פון די באַאַמטע, וואָס האָט אים פאַרטרעטן, אַז ער האָט צום שעף אַ דרינגענדיקן ענין, האָט מען אים טעלעפאָניש געזוכט אומעטום.

לודין האָט געוואָרט, נערוועז געקלאַפּט מיט די פינגער און זיך געביסן די ליפּן.

ענדלעך איז דער באַנקיר געקומען. זיי זענען אַריין אין זיין פּריוואַט-ביורא.

און דאָ האָט מען אויך אויסגעדריקט באַדויערן, אויפריכטיקן באַדויערן.

די קאַסע האָט היינט געהאַט אַ סך אויסצאָלונגען, עס איז נישט געווען אַזוי פיל רעזערוו, מאָרגן קאָן לודין באַקומען יע-דע סומע.

ער איז ווידער אַריינגעשפּרונגען אין אויטאָ און אַוועק אין דער קאַנצעלאַריע.

זיין פּנים איז געווען וואַקסן-בלייך; די אויגן האָבן הייס געבלישטשעט.

עס איז געווען קענטיק, אַז ער האָט פאַרלוירן די גאַנצע אינערלעכע פרייהייט און פעיקייט צו באַטראַכטן זיין לאַגע. דאָס, וואָס ער האָט ביי זיין אָנזען נישט געקאָנט אין אַ דרינגענדיקן פאַל זיך שאַפן די סומע, וועלכע האָט אים געפעלט, האָט אים געוויזן אַ צייכן פון געפאַר און ענלעך געווען צו אַ בייזן חלום.

— מען מוז פאָרט פאָרן צום יוּוועליר, — האָט ער גע-ברומט צו זיך, אַריינקומענדיק אין קאַבינעט.

אָבער דאָס איז געווען פאַר אים אַ פאַרצווייפלטער שריט, קעגן וועלכן ער האָט זיך פאַרטיידיקט, וואָס מען האָט געקאָנט דערקענען אויף אים.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטון אין שטערן מיט דער האַנט. ער האָט געעפנט די ווערטהיים-קאַסע.

אַ זייגער עלף פאַרמיטאָג האָט זיין קליענט, אַ גרויס-אינ-דוסטריעלער, וועלכן ער האָט געפירט אַ שטייער-פּראָצעס, אַריינ-געלייגט זעקס הונדערט מיליאָן.

לודין האָט געוואָלט בעטן דעם דאָקטאָר קאַפּוש, אַז ער זאָל צונעמען דאָס געלט און נאָך היינט זאָל ער עס איינצאָלן אין אַמט.

אָבער ער האָט פאַרגעסן.

אָט ליגט עס. זיינע הענט האָבן געציטערט. ווען ער האָט אַרויסגענומען אַכט, אַרומגעשנירלטע פּאַקעטן.

די הענט האָבן געציטערט, ווייל עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער איז אַ דעפּרווידאַנט.

וואַרשיינלעך האָט ער אין דער איצטיקער רגע נישט באַגריפן, אַז ער קאָן צו יעדער רגע דאָס געלט צוריקגעבן און ער נעמט דאָס געלט אָנשטאָט אַנדערס.

בלויז דער שריט אַליין האָט אים אויסגעוויזן צו זיין אַ פאַרברעכערישער; דאָסדאָזיקע געלט, וואָס ער האָט בלויז געהיטן, האָט אים, טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט עס געהיטן אויסגעוויזן צו זיין פרעמד געלט, הגם ער האָט געקאָנט עס פאַרטוישן מיט אַנדערנגעלט; די נאַכט, וואָס האָט געדאַרפט אַוועקגיין, נאָכדעם, ווי ער האָט דידאָזיקע הלוואה געמאַכט איז געווען אַ נאַכט פון אומערלעכקייט און שטראָפבאַרקייט.

אונטערן דרוק פון דער צעריסענער וועלט פון זיין פאַרשטעלונגס-קראַפט האָט זיין מוח באַשאַפן בלויז העלע חיזיעס. דער גייסט האָט געוואָרפן אַ נישט גענוגנדיק ליכט.

ער האָט פאַרמאַכט די שאַנק. די שליסלען זענען אים צוויי מאָל אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט.

ער האָט פריער געגובען די פּאַקעטן מיט געלט און דערנאָך האָט ער ערשט זיך אָנגעטון דעם מאַנטל און הוט און אַרויסגעגאַנגען.

קוים האָט ער באַוויזן צו עפענען די טיר, האָט זיך געריסן צו אים אַ פרויען-געשטאַלט מיט אויפגעהויבענע הענט, וועלכע דער דיגער האָט פאַרהאַלטן אָננעמענדיק זי פאַר די אָרבל.

לודין האָט אין ציטערניש זיך צוריקגעצויגן, ווי ער וואָלט זיך נאָך געפונען אין דער צעריסענער וועלט פון פאַרשטעלונגען מיט אַ נישט-גענוגנדיק ליכט.

די פרוי, וואָס האָט זיך געריסן צו אים איז געווען בלייך ווי אַ מת און אירע אויגן זענען געווען פאַרלאָשן פון ביטערניש.

— הער דאָקטאָר, זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען, — האָט זי געזיפצט.

און לודין:

— ווער זענט איר? וואָס ווילט איר? איך האָב לחלוטין קיין צייט נישט.

די פרוי האָט געיאָמערט מיט געבעט:

— הער דאָקטאָר, עס איז געשען אַ שרעקלעכע זאַך, מיין ברודער...

לודין האָט נאָך רויער זיך אָנגערופן:

— איר האָט דאָך געהערט, אַז איך האָב קיין איין מינוט צייט...

דערויף האָט דאָס וואַקלענדיקע געשטאַלט געזאָגט:

— איך בין קאַראָלינע לאַנץ.

לודין האָט זיך פאַרטיידיקט מיט ביידע הענט.

— מאָרגן! — האָט ער אויסגערופן און אַוועק פון איר.

אָבער דאָס דערשראָקענע, בלייכע פנים האָט נישט געוואָלט פאַרשווינדן פון זיינע אויגן.

— אויף דער אַננאַ-גאַס. — האָט ער באַפוילן דעם שאָפער.

עס איז געווען אַזייגער זיבן, בעת ער האָט אָנגעקלינגען אין אַטעליע.

— די חשובע מאַדאַם קאָן נישט אָננעמען, — האָט דאָס שטוב-מיידל דערקלערט.

עס איז שוין נישט געווען דיזעלבע, וועלכער ער האָט ערשט נישט לאַנג געגעבן געלט.

— די חשובע פרוי פאָרט אין אַ פערטל שעה אַרום אין טעאַטער און זי מאַכט איצט דעם טואַלעט.

לודין האָט דערקלערט, אַז ער וועט וואַרטן, ביז די מאַדאַם וועט זיין פאַרטיק.

— די געערטע מאַדאַם נעמט קיינמאָל נישט אויף פאַרן אויפטריט, — האָט דאָס שטוב-מיידל שטאָלץ געזאָגט.

ער וועט דאָך וואַרטן, האָט זיך לודין איינגעשפּאַרט און

איז אַריין אין אַטעליע.

דאָס שטוב-מיידל האָט געצויגן מיט די אַקסלען און פאַר־מאַכט די טיר. ער איז געגאַנגען מיט ברייטע טריט איבערן צימער.

פון צייט צו צייט האָט ער זיך אַרומגעקוקט, ווי אַ פאַר־ברעכער אין דער צעריסענער וועלט פון פאָרשטעלונגען, און ער האָט זיך געפילט ווי אַ פאַרפאָלגטער דעפּרוידאַנט.

באַלד האָט ער געהערט עפּעס מורמלען און שאָרכן אַ קלייד. דערנאָך האָט מען פאַרהאַקט די איינגאַנגס-טיר.

ער האָט נאָך געוואַרט עטלעכע מינוט און אַזוי ווי אַרום איז געווען שטיל, איז ער אַרויס. אין פאָדער-צימער האָט זיך געטראָגן אַ לייכטער פאַרפום-ריח; לויס פאַרפום. אָן אַ גערויש האָט זיך באַוויזן דאָס שטוב-מיידל. ציענדיק ווידער מיט די אַקסלען, וואָס האָט געזאָלט הייסן: איך האָב דערפילט מיין חוב, האָט זי דערקלערט, אַז די חשובע מאַדאַם איז אָקאָרשט אַוועקגעפאָרן.

פאַמעלעך, אָנכאַפּנדיק זיך ביים אָנלען, ווי דער קאָפּ וואָלט אים געשווינדלט, איז ער אַראָפּ פון די טרעפּן.

ער איז בישט-אַנטשלאָסן געשטאַנען אין טויער, מיט דער טעקע אונטערן אָרעם און זיך אַרומגעקוקט אַ צעמישטער. דאָס פאַרזאָרגטע פּנים האָט זיך ווידער פאַרכמאַרעט.

ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געקוקט אין דער ריכטונג, ווו זי איז פאַרשוווּנדן.

ער האָט שנעל אַרונטערגערוקט די טעקע אונטערן רעכטן אָרעם, פּונקט ווי עס וואָלט זיך אים געדאַכט, אַז זי ברענט. ער האָט דערזען דעם שאַפערס פאַרחידושטן בליק, וואָס האָט גע־רוט אויף אים, האָט זיך אָפּגעטרייסלט און געזאָגט:

— צום טעאַטער.

אָפּשטייגנדיק, האָט ער געוואָרפן אַ בליק אויפן אַפיש, וואָס איז געהאָנגען ביי איינגאַנג צו דער סצענע, און אין דער צווייטער סעקונדע האָט ער פאַרגעסן דעם נאָמען פון דער פּיעסע.

ער האָט בלויז געוווּסט, אַז אינם אַפּישירטן שטיק איז לוי פֿאַרנומען פֿון אָנהויב ביזן סוף.

ער איז געגאַנגען איבערן שטיינערנעם קאָרידאָר, וואָס האָט געפֿירט צו דער גאַרדעראָב. אַרבעטער אין בלויע קיטלען האָבן אים שנעל אויסגעמיטן.

פֿון עפּעס אַ שויב האָט זיך דערהערט אַ באַפֿעלערישער געשריי. די צוויי פֿייערלעשער זענען פֿאַרנומען געווען מיט אַ שלעפּעריקן שמועס. עטלעכע מיידלעך זענען אַראָפּ פֿון די טרעפּן, קריגנדיק זיך און לאַכנדיק הויך.

דער טערמין, וועלכן לוי האָט באַשטימט און ביז וועלכן זי האָט געדאַרפֿט געלט, איז אַוועק. לודין האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון דערפֿון. געבן איר פֿיר הונדערט מיליאָן נאָך דעם היינטיקן אָוונט האָט נישט געהאַט קיין פּראַקטישן זין; מ'האָט אויך געקאָנט וואַרטן ביז מאָרגן.

ער האָט זומאָרגנס געקאָנט אָפּנעמען דאָס געלט און לוין שיקן אַ טשעק. דעמאָלט האָט ער זיך נישט געדאַרפֿט אומזיסט דרייען אין טעאַטער-קאָרידאָר מיט אַ פּאָרטפֿעל אונטערן אָרעם.

דער געדאַנק, אַז לוי קאָן זיך פֿילן פֿאַרלאָזן צוליב אים איז אים אָבער געווען אומדערטרעגלעך. אַזוי ווי אין ווידוי האָט זי אים דערלויבט אַריינצוקוקן אין דער פֿאַרבאָרגנסטער טיפֿעניש פֿון איר וועזן (ווי ער האָט נאָך אַלץ אַזוי שטאַרק געגלויבט) און זיך אָפּגעזאָגט פֿון זיין הילף, האָט אים אויסגעוויזן אַז עס איז זיין היילִיקסטער חוב איצט איבערצוצייגן איר אין זיין פֿריינטשאַפֿט און אין זיין גרייטקייט אַראָפּצורוימען פֿון איר וועג אַלע מניעות.

דאָס געלט פֿון דעם פּאָרטפֿעל האָט געזאָלט זיין דער באַווייז.

אַ קליין בערגל געלט; דאָס רעכענען זיך דערמיט האָט געהייסן אינסטינקטיוו פֿאַרשטיין די נאַטור פֿון דער אַקטיאָרקע, וואָס וואָלט אים דערשראָקן, ווען ער וואָלט זיך דאָס קלאָר געמאַכט,

דערהאַלטענע זאַכן, וואָס מען וויל האָבן, ווען אַ נישט־אָפּקלייבערשע קראַפט, וואָס באַזיגט דעם שטאָלץ נישט בלויז פון גאַסן־מיידלעך.

דורך אַ פאַרמאַכטער, אייזערנער טיר האָט ער עטלעכע מינוט דערהערט לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן. עס האָט אָפּגע־קלונגען, ווי שטיינער וואָלטן זיך געשיט.

אַן אַקט האָט זיך געענדיקט.

לודין איז געבליבן שטיין און זיך באַקלערט. ער איז אַראָפּ אויף דער גאַס און זיך געזעצט אויף אַ באַנק נעבן טעאַטער.

עס איז אַוועק אַ האַלבע שעה. ער איז אויפגעשטאַנען און עטלעכע מאָל האָט ער זיך געדרייט אַרום טעאַטער. אַ צייטונג־פאַרקויפער האָט אים דערלאַנגט אַן אָוונט בלאַט. ער האָט עס געקויפט און אַריינגעלייגט אין דער קעשענע.

דערנאָך איז ער צוריק אַוועק אין קאָרידאָר, אָבער דאָס־מאָל איז ער צוגעקומען הארט ביז צו דער גאַרדעראָב. ער האָט געוווּסט, ווו עס איז לויט גאַרדעראָב און ער איז געגאַנגען פאַר דער טיר הין־און־צוריק.

די וועכטערין, וואָס האָט אים געקענט, אַ פרוי אין די עלטערע יאָרן, מיט אַ ווייס הייבל אויפן קאָפּ, איז אַרויסגעקו־מען פון דער טיר. וואָס פירט צו דער בינע, האָט זיך פאַר־נייגט און געקוקט אויף אים מיט אַ פרעגנדיקן בליק.

ער האָט דערקלערט, אַז ער האָט אַ וויכטיקע ידיעה פאַר פרוי דערקום, גאָרנישט קיין אומאַנגענעמע, האָט ער צוגעגעבן מיט אַ כמעט לאָקאַישן שמייכל, באַמערקנדיק די פאַרוווּנדערטע מינע אויף דער פרויס פנים.

די פרוי האָט אים דערלאַנגט אַ שטול. ער האָט זיך באַ־דאַנקט און זיך געזעצט.

עטלעכע מאָל האָט ער אַ צי געטון מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט דערפילט אַ ביטערן טעם פון שפּייעכץ.

אַפילו דער, וואָס האָט אים נישט געקענט, האָט געקאָנט באַמערקן, אַז ער האָט דערפילט זיין דערנידריקונג פשוט אויף

פיזישן אופן.

ער האָט אַרויסגענומען די אָוונט-צייטונג. זיין ערשטער ...יק איז געפאַלן אויף אַ קעפּל, וואָס איז געווען געדרוקט ...ט פעטע שריפט: אַרעסטירט אַ סטודענט פאַר מאַכן פאַלש ...לט.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די צייטונג און מיט דער לינקער ...יי האָט ער זיך פאַרשטעלט די אויגן. דאָס בלייכע דער־שראָקענע פּנים האָט זיך ווידער באַוויזן פאַר אים. אַ ווייל איז ...געשטאַנען אַ צעמישטער, דערנאָך איז ער מיט די אויגן געלאָפן איבער דער צייטונג און איבערגעלייענט די געשיכטע, וואָס איז געווען באַשריבן מיט דער גרעסטער גענויקייט.

זינט עטלעכע חדשים זענען געקומען ידיעות צו דער מאַכט האָט דער באַריכט געקלונגען, אַז אין אַ געוויסער געגנט פון דער שטאָט באַווייזן זיך אין פאַרקער פאַלשע באַנקנאָטן צו אַ האַלבן מיליאָן.

מען האָט פאַראָרדנט אַ געהיימע אויספאָרשונג, מען האָט איינציקוויז אָפּגעוואַרט אַ פּאַסיקן מאָמענט און היינט איז גע־לונגען צו אַרעסטירן דעם פעלשער.

דאָס איז דער סטודענט און דאָקטאָראַנט פון כעמיע, קאָנ־ראַד לאַנג. דער יונגערמאַן האָט זינט יאָרן געוווינט אין אַן אָרעם בוידעם-שטיבל; האָט זיך שטענדיק געהאַלטן אָן אַ זייט און באַשיידן געלעבט, האָבנדיק אַ גוטן שם ביי די שכנים. אַמאָל האָט ער אַליין פאַרנומען אַ וווינונג פון צוויי צימערן אָבער זינט הערבסט האָט ער אריינגענומען צו זיך זיין שוועס־טער מיט אירס אַן אומלעגאַל קינד און זיינע אויסהאַלטונגס־קאָסטן זענען דערביי שטאַרק געוואַקסן.

אַמאָל האָט ער געלעבט גאַנץ באַשיידן, געבנדיק לעקציעס. די אונטערזוכונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער אוּ־ניווערזיטעט און אין לאַבאָראַטאָריום, ביי די פּראָפעסאָרן און קאָלעגן, האָבן געגעבן אַ גינסטיקן רעזולטאַט.

ער האָט זיך אײַפגעפירט אָן פאָרוואורף, זיינע וויסנשאַפט־לעכע פעיקייטן האָט מען געלויבט אויפן העכסטן אופן, ער

האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע פאַך-אַרבעטן, וואָס האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון געלערנטע און אין די אַקאַדעמישע קרייזן האָט מען אפילו גערעדט, אַז ער געפינט זיך אויפן וועג פון אַן עפּאָכע-מאַכנדיקער אַנטדעקונג. וואָס האָט געזאָלט האָבן אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אינדוסטריע און ווירטשאַפט. צוליב דעם איז נאָך ווייניקער פאַרשטענדלעך זיין פאַרבלאָנדזשעט ווערן, וואָס האָט אים איבערגעגעבן אין די הענט פון דער גערעכטיקייט.

ווייטער האָט דער רעפּאָרטער דערציילט אַז די געפעלשטע באַנקנאָטן זענען געמאַכט געוואָרן מיט די פּרימיטיוּוסטע מיטלען פון דער מאַשין-טעכניק און ליטאָגראַפיע, אָבער מיט אַזאַ אויסערגעוויינלעכער געשיקטקייט און צייכנונגס-טאַלאַנט, אַז אין געוויסע פאַלן איז נישט לייכט געווען צו דערקענען די פעלשונג.

דאָס אויסטערלישע איז, וואָס הגם בערנאַרד לאַנק האָט געקאָנט פון זיינע גוט-געפעלשטע באַנקנאָטן ציען מיליאָנען-רווחים און מאַכן דער מלוכה שאָדנס פון ריזיקע סומען, האָט ער זיך דאָך באַנוגנט מיט אויסגעבן בלויז דריי באַנקנאָטן אַ חודש, דאָס הייסט אַזוי פיל, וויפיל ער האָט געדאַרפט צו קאָנען אויסהאַלטן זיך און די שוועסטער מיטן קינד און צו קאָנען ענדיקן זיין דאָקטאָר-אַרבעט.

ער האָט, ווייזט אויס, נישט געוואָלט רייך ווערן און באַקוועם לעבן; ער האָט בלויז געוואָלט אויסהאַלטן זיך, — ווי ער האָט אַליין דערקלערט, — פדי נאָכן דערגרייכן דעם ציל, נאָך אַן אומגעהערט שווערער יוגנט צו קאָנען באַקומען מיט זיינע פעיקייטן אַ פאַסיקן אַמט און פאַרגעסן אָן די טרויעריקע מינוטן פון זיין לעבן.

דאָס, אַז ער האָט נישט געוואָלט אַ סך געניסן פון זיין שטראָפבאַרער פעלשערישער אַרבעט, איז שוין היינט פעסט געשטעלט געוואָרן מיט דער גאַנצער זיכערקייט, קודם-כל דורך זיין שוועסטער, וואָס איז שטאַרק צוגעבונדן געווען צו אים, און האָט געציטערט צוזאַמען מיט אים און פאַר אים און האָט געוואַכט גאַנצע

נעכט נעבן אים. וואָס ער האָט געמוזט אָפּגעבן, כדי צו מאַכן די באַנקנאָטן, און די רעכענונגען פון אויסגעגעבענעם געלט האָט זי פאַרצייכנט ביז צו איין גראָשן, דערווייל האָט מען זי נישט אַרעסטירט.

לודין האָט די ברעמען צוזאַמענגעצויגן אַזוי שטאַרק, אַז נעבן דער נאָז האָבן זיך געמאַכט טיפע פאַלדן און אַ ווײַלע גע־קוקט אין דער לופט אַריין.

דערנאָך האָט ער נאָכאַמאָל פלינק און מאַשינאַל איבער־געלייענט די סענסאַציע וועגן דעם פעלשער פון אָנהויב ביז צום סוף.

בכלל האָבן זיינע באַוועגונגען געהאַט פון דער איצטי־קער רגע אָן עפּעס מעכאַניש, ווי ער וואָלט געטראַכט מיט אַן אַלץ קלענער־ווערנדיקן באַוווסטזיין און רעאַגירט בלויז אויטאָ־מאַטיש אויף געוויסע אינערלעכע איינדרוקן און פריערדיקע באַ־שלוסן.

דער פּאָרטפעל איז געלעגן אויף זיינע קני; עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זי שווערט אַראָפּ וואָס אַמאָל שטאַרקער; ער האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ באַוווסטלאָזן פּחד, מיט אַ געוויסער מין איבעררעשונג.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער פּאָרטפעל איז אַ שטיק גראַניט, וואָס מען האָט אים אַרויפגעלייגט אויף די קני; עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס לעדער איז דורכזיכטיק און מען זעט אַרויס דערפון די פּאַקעטן געלט.

עס קאָן זיין, אַז ער האָט איצט געטראַכט וועגן דער אָרעמקייט פונם שטודענט לאַנץ, וועגן זיינע יאָרן־לאַנגע ליידן, וועגן זיינע בחינומדיקע פלענער־איינפאַלן און האָט זיי פאַר־גליכן מיט די פּאַקעטן געלט אויף זיינע קני, וואָס ער וואַרפט מיט אַ מאַגישער זיכערקייט אַ קאָמעדיאַנטקע, כדי צו באַפרידיקן אירע גלוסטונגען?

האָבן זיינע געדאַנקען געגרייכט אַזוי ווייט? זענען עס בלויז געווען גליענדיקע פייערלעך, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט אין דער צעריסענער וועלט פון זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט?

די אַפּלאָדיסמענטן זענען געוואָרן נענטער, העכער, לענ-גער. מענטשן זענען אַרויס פון דער בינע.

— די פאָרהאַנג אין דער הויך! האָט עמיצער געשריגן.

געפאַרבטע פנימער, געשטאַלטן אין קאָלירטע קליידער האָבן זיך באַוויזן, פאַרשווונדן, צוריקגעקומען, געלעכטער, טומל פון קולות, זידל-ווערטער, באַפעלן, באַס-שטימען, טענאָרן, דיש-קאַנטן האָבן זיך אויסגעמישט.

פלוצלינג האָט ער דערזען פאַר זיך שטיין לוי.

אירע אויגן האָבן געהאַט אַן אויסדרוק פון צווײדײטיקער, שטאַרק-געשפּאַנטער נייגעריקייט.

האָט זי געשאָקלט צו אים מיטן קאָפּ? ער האָט אַ שאַרפן קוק געטון און זיך אויפגעשטעלט.

ער האָט זיך באַגריסט.

ער האָט עפּעס געזאָגט מיט אַ הייזעריק קול און מיט אַן איבערגעטריבן-העפלעכער מינע.

— פאָרהאַנג! — האָט עמיצער ווידער אַ געשריי געטון.

לוי איז פאַרשווונדן. לודין איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט דער איבערגעטריבן-העפלעכער מינע. מען האָט געקאָנט זען, אַז ער באַוועגט זיך מעכאַניש.

לוי איז צוריקגעקומען, איז אַריין אין דער גאַרדעראָב, האָט גערופן עפּעס אַ נאָמען, האָט אַריינגערוקט דעם קאָפּ אין דער טיר, האָט געוווּנקען צו לודינען אַן שמייכל, כמעט גרינג-שעצנדיק, מיט חוזק און מיט יענער צווײדײטיקייט און גלוסטי-קייט אין די אויגן, וואָס האָט אָבער נישט געהאַט אין זיך קיין שום זינלעכקייט.

איר בכיון באַוועגלעך, דרייסט יונגל-פּנים האָט זיך פאַר-לוירן אונטער אַ שיכט פון פּודער און שמינקע און אינם פרעמדן פּאַרוק.

— אַך, ברענגט אייער צוזאָג, דאָקטאָר. — האָט זי גע-זאָגט מיט אַ קליגנדיק קול און מיט אַ כלומרשטער, צווייפלהאַפ-טער פרייד, באַפעלנדיק מיט אַ האַנט-באַוועגונג דער פרוי נעבן

דער גאַרדעראָב, וואָס האָט זיך געוואָלט עפּעס אָנרופֿן, אַז זי זאָל שווייגן.

— ווילט איר אַרייַנגיין? (לודין האָט נישט אויסגעדריקט אַזאַ ווונטש). ניין, מען קאָן נישט. הער דאָקטאָר, איר זענט אַן אויבער מלאך. אַ, אָט איז אָרטעלי, — האָט זי אָנגעוויזן אויף דעם עלעגאַנטן, שמייכלענדיקן שעף פֿון אַנאָנסען-ביוראָ, וועלכער איז אַרייַן אין דעם שמאָלן קאָרידאָר, וואָס איז געווען אָנגע-פּאַקט מיט מענטשן. — מאַקס, זייַ אַזוי גוט און נעם צו פֿון הער דאָקטאָר דעם פּאָרטפּעל און וואַרט ביז מיר וועלן צוזאַ-מען גיין אַהיים. הערסט, מייַן טייערער? און איר, דאָקטאָר, קומט נאָך היינט צו מיר. איך דערוואַרט אייַך, פֿאַרוואָס זענט איר אָבער אַזוי בלאַס? אַזוי טאָר מען נישט אויסזען. דערווייל אַנטשולדיקט, אַנטשולדיקט.

זי איז גיך אַרייַנגעלאָפֿן אין דער גאַרדעראָב, איז באַלד צוריקגעקומען מיט אַ שאַכטל שמינקע אין די הענט, האָט אייַנ-געטונקען אַ פֿינגער און לאַכנדיק האַרציק האָט זי אים אויפֿ-געמאָלט. איידער לודין האָט זיך געקאָנט פֿאַרטיידיקן, צוויי רויטע פֿלעקן אויף די באַקן.

— קומט איר זיכער, דאָקטאָר, — האָט זי געזאָגט אייַנ-טים, — אַרום האַלב עלף, זיכער.

זי האָט אים צוגעהאַקט די גאַרדעראָב-טיר פֿאַר דער נאָז.

לודין איז געשטאַנען נעבן דער טיר. דעם פּאָרטפּעל האָט ער מעכאַניש אוועקגעגעבן דעם שמייכלענדיקן אָרטעלין.

אַ געפֿיל פֿון הייסער בושה האָט אים באַגאָסן, ער האָט זיך געפֿילט אַזוי באַפֿלעקט, פֿאַרשמוצט אַז ער וואָלט איצט אַלץ אוועקגעגעבן, זייַן גוף, פֿאַרמעגן און נאָמען, ווען עפּעס אַ נס וואָלט אים איצט געקאָנט מאַכן, מען זאָל אים נישט זען.

גלייכצייטיק האָט ער געוווסט מיט אַן אומעטיקן פּאַטאָ-ליזם, אַז ער וועט קומען, ווי אַ פֿייער וואָלט אין זייַן מוח אויסגעברענט אָט דעם ווונטש אָדער באַפֿעל.

מיט וואַקלענדיקע טריט איז ער אַדורכגעגאַנגען דעם שטייגערנעם. טונעל-אַרטיקן קאָרידאָר און בלייבנדיק שטיין אויף דער גאַס, האָט ער געקוקט צום טונקל-רויטן הימל איבער דער שטאָט, אַ הימל פול מיט קומענס און אומרייִנע תאוות און מיט פאַרווונדערונג, נישט קאָנענדיק זיך גלויבן. געפרעגט:

— איך?

# LVII

ראָך האָט ער האַלב עלף אַזייגער אָנגעקלונגען אין לוד-וויגאַס וווינונג.

פריער האָט ער געהייסן זיך פירן אין דער קאַנצעלאַריע, האָט אָפּגעשיקט דעם שאָפער אַהיים, איז אַריין אין קאַבינעט; נישט אָנצונדנדיק קיין ליכט, האָט ער זיך געוואָרפן אויף דער לעדערנער סאָפע און דריי שעה איז ער געלעגן מיט אָפענע אויגן, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים.

ער האָט נישט געטראַכט, נישט געפילט, נישט געזען, עס האָט זיך אים געדאַכט, ווי ער וואָלט געלעגן אויפן גרונט פון ים אין אַ טונקלגרינער, שטילער דעמערונג. פיש זענען געשוווּמען איבער אים, פאַרשידענע מאָדנע פיש, זיי האָבן זיך געגלוטשט צו פאָרלעך, זיי האָבן אויסגעזען אומהיימלעך און דראָענדיק; דער גאַנצער ים, פון דער טיפניש ביז צו דער אויבערפלאַך, איז פול געווען מיט פאָרלעך פיש, אין דער נידער האָבן די שיפּן פון די פיש געגלאַנצט אין פייערדיקע פאַרבן, פורפור, בלאָ, רויט, געל, אין דער הויך זענען זיי בלאַס געוואָרן, און נאָך העכער האָבן זיי אויסגעזען דורכזיכטיק בלאַס.

און דאָרט, ווו עס איז געגאַנגען אַ לאַנגע מחנה פיש, האָט זיך געזען אַן אָפן פיסק פון אַ ריזיקער ים-חיה. דאָס פיסק פון דער חיה האָט איינגעשלינגען די אומוויסנדיקע פיש, און ווען די חיה האָט אויפגעפרעסן דעם אונטערשטן טייל פון דער מחנה, איז דער אויבערשטער טייל נאָך אַלץ פרייליך געשווּימען.

בעת ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ קוק געטון אויפן זייגער, האָט ער זיך דערשראָקן, ווי אַ זעלנער, וועלכער האָט זיך פאַרשפּעטיקט צום ראַפּאָרט. ער איז געגאַנגען צופוס, הגם עס האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ רעגן.

שוין אין קאָרידאָר האָט ער דערהערט אַ פאַרנומענעם טומל פון אַ גרויסער געזעלשאַפט. ער איז געשטאַנען אַ בליי־כער און אַ נישט־אָנטשלאָסענער.

ער האָט געציילט די מאַנטלען און די קאַפּעלושן, וואָס זענען געהאָנגען אויף געשטעלן און דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו ציילן. פּלוצלינג האָט זיך באַוויזן מאַיאַ. זי האָט אַ ביסל פאַרוווּנדערט געשאָקלט צו לודינען מיטן קאָפּ און גע־זוכט דעם מאַנטל. עס האָט זיך געדוכט ווי זי אַנטלויפט.

— איך פאָר אַהיים, — האָט זי געזאָגט, — עס איז עקל־האַפט... עס איז עקלהאַפט... איך קאָן שוין נישט... און אַז איר קומט אויך אַזוי שפּעט...

לודין האָט געקוקט אויף איר, ווי ער וואָלט זיך באַמיט צו געפינען אין זיין זכרון עפּעס, וואָס זאָל האָבן אַ שייכות צו איר.

— אמת, טייערע פריילין מאַיאַ, — האָט ער דערנאָך גע־זאָגט מיט דערלייכטערונג, — מאָרגן האָבן מיר די ערשטע גע־ריכטס־זיצונג אין אַלטאַכערס פּראָצעס. איר וועט מוזן פּערזענלעך זיך שטעלן.

דידאָזיקע ביוראָקראַטישע הקדמה האָט ער געהאַלטן מע־כאַניש.

מאַיאַ האָט איינציקווייז אויפגעהויבן די אויגן. איר בליק האָט זיך געגליטשט אויף זיין פּנים.

— ביז מאָרגן איז נאָך לאַנג, — האָט זי געזאָגט, קוקנ־דיק אויף אים מיט די אויגן ווי זי וואָלט געוווּסט וועגן אַלץ, וואָס איז אין אים פאָרגעגאַנגען און וואָס עס דראָט אים — גוט־נאַכט.

אין אַטעליע האָבן זיך געטראָגן אַזעלכע געדאַכטע וואָל־קענס רויך, אַז אַרייַנקומענדיק, האָט ער לכתחילה נישט געקאָנט

אונטערשיידן די פנימער, און אַליין איז ער אַ ווײַלע געשטאַנען אַ נישט־באַמערקטער.

אַרום דעם רונדיקן טיש זענען געזעסן אַ צוואַנציק מענטשן מענער און פרויען, וואָס האָבן געטרונקען, געטרייבערט, איינער רעדנדיק איבערן אַנדערן. שרייענדיק און לאַכנדיק; אין אַ ווינקל נעבן אויוון איז געשלאָפן אַ ייִנגל אין אַ קאָמישן טעאַטראַלן אָנצוג, וואָס האָט, וואַרשיינלעך, היינט געדאַרפט באַדינען די געסט מען האָט רעזיגנירט פון זיין באַדינונג.

טוצן פלעשער וויין, בראָנפן און שאַמפּאַן זענען געשטאַנען אויפן טיש נעבן אַן אַרמיי פון גלעזלעך פון יעדער גרויס און פאָרעם. מען איז געגאַנגען ווייזט אויס, שפּילן אין פּאָקער. אַרטעלי האָט געמישט די קאָרטן.

די דאַמען, לויס חברטעס, און איין פילם־אַקטיאָרקע האָבן געהאַט די קליידער אין אומאָרדנונג, די אויגן און די צושטאַרק צעהיצטע פּנימער האָבן געהאַט אין זיך אַ מאָדנע בלינדקייט, וואָס מען טרעפט ביי פרויען, ביי וועלכע דער תאווה־אינסטינקט האָט אויפגעוואַכט.

לודין האָט דערקענט עטלעכע אַקטיאָרן, וואָס זענען געשטאַנען נעבן דעם אייביק־שמייכלענדיקן אַרטעלי, דעם באַראָן, וועמעס נאָמען ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט געדענקען, איינעם אַ פילם־רעזשיסער. וועלכן ער האָט דאָ ערשט נישט לאַנג געטראָפן.

אָבער בעת זיין טריב־אויספאָרשנדיקער בליק האָט זיך גערוקט ווייטער, האָט ער אַ ציטער געטון, ווי ער וואָלט באַקומען אַ קלאַפּ אין קאַרק. ער האָט דערזען אַרנאָלד קעלערן.

ער איז געזעסן נעבן לוי. ער איז געזעסן מיטן גוף אַרויסגעשטאַרט פאָרויס, ווי ער וואָלט געווען פאַרזונקען אין געדאַנקען, זיין פּנים האָט אויסגעזען פאַרטראַכט און אומבאַוועגלעך, פּונקט ווי עס וואָלט געווען די נאַטירלעכסטע זאַך אויף דער וועלט, אַז ער געפינט זיך נעבן דער פאַרגעטערטער פרוי. אויך לוי איז געזעסן מיט אַזאַ מינע, ווי אַלץ איז זעלבסטפאַרשטענדלעך און איז אין פולשטענדיקער אָרדנונג, און ווי מיט עטלע-

כע שעה צוריק האָט זיך נישט אויפגעפירט אַזוי, אַז מען האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז בלויז פון אָנקוקן דעמדאָזיקן מענטש וועט זי שטאַרבן פון עקל און שנאה.

לודין האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן זיינע בליקן פוןביידע. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך און זענען אַדורכגעקומען? און אויב עס איז מעגלעך געווען אַדורכצוקומען, טאָ פון וואַנען האָט זיך גענומען מיט עטלעכע שעה צוריק אַזאַ אויסברוך פון ליידנשאַפטלעכער שנאה?

ער האָט נישט געוווּסט, אַז קעלער איז פּשוט אַרויפגעקומען און מער גאָרנישט. אַז ער האָט ווידער געפּרוּווט; אפשר אַן האָפענונג און אָן דערוואַרטונג.

ער האָט נישט געוווּסט, אַז בעת לוי איז אַהיימגעקומען פון טעאַטער און טרעפנדיק אים אין פּאָדערצימער, האָט זי גאַנץ פריינטלעך זיך געגריסט מיט אים און אים פאַרבעטן, אַז ער זאָל פאַרברענגען אַן אָוונט מיט איר און אירע געסט?

די סיבה? עס איז נישט געווען קיין באַזונדער סיבה. אפשר איז זי געווען מיד פון קריגערייען. אפשר האָט זי געוואָלט אַ רגע רו. אפשר האָט זי פאַרגעסן וועגן גאַנצן סכסוך, אָדער זי האָט בלויז היינט געוואָלט פאַרגעסן. אפשר האָט זי מער נישט געדענקט אָן איר שנאה און עקל צו אים. אפשר האָט זיך אין יענעם ליידנשאַפטלעכן אויסברוך אויסגעשעפּט איר עקל. אפשר האָט דער דערפאָלג אויף דער סצענע און די באַגייסטערונג פון פּובליקום אַריינגעברענגט זי אין אַ ווייכער און מילדער שטימונג און מיט פרייד האָט זי גענומען שפּילן די ראָל פון אַ קלוגער פרוי, צו וועלכן לודין האָט זי צוגערעדט. דאָס אַלץ איז געווען מעגלעך, אין איין פאַל מער וואַרשיינלעכער און אין צווייטן ווייניקער, אָבער אין קיין אופן איז דאָ נישט געווען עפּעס אומגעוויינלעכס, און קיינעם פון דער געזעלשאַפט האָט עס נישט אויסגעוויזן צו זיין מאָדנע און אויפפאַלנדיק. דערדאָזיקער מענטש איז געווען אין משוגעים-הויז; די פרוי האָט אויף אַזאַ אופן געוואָלט פּטור ווערן פון אים; ער איז צוריקגעקומען; זיי האָבן דערווייל ווידער פאַרגעשטעלט איין

נשמה און איין הארץ; עס נישט געגוג מאָדנע און נישט אויפ-פאַלנדיק.

בלויז לודין איז געשטאַנען אַ צוויי טריט נעבן טיש. און האָט נישט געגלויבט זיינע אייגענע אויגן.

דאָס האָט ענדלעך באַמערקט ארטעלי, ער האָט זיך אויס-געדרייט צו לודין און איר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף אים; גלייכ-צייטיק האָט ער זיך אויפגעשטעלט און זיך לייכט באַגריסט; פאַר דעם מענטש האָט ער זיך נישט דערלויבט צו זיין באַכלע-סיק-קאָלעגאַל ווי לגבי די איבעריקע פונם קרייז.

אויך אַרנאָלד קעלער האָט געקוקט אויף אים און תיכף זיך אויפגעשטעלט, אָבער זיין גרוס איז געווען טיף און פייער-לעך. אַרטעלי און ער זענען געווען די איינציקע, וואָס זענען געווען האַלב ניכטער. אַנדערע געסט האָבן בכלל נישט באַמערקט לודינס אַריינקומען.

לוי האָט אים באַגריסט, אויפהויבנדיק אַ האַנט אין דער לופטן, אים געהייסן פאַרנעמען אַן אָרט ערגעץ און געהייסן אַר-טעלין געבן אים איר גלעזל שאַמפּאַניער.

זי האָט אָן אויפהער געלאַכט; זי האָט געטראָגן אויף די האָר אַ קראַנץ פון בלעטער; אירע באַוועגונגען און בכלל איר זיידענע האַלטונג האָבן געהאַט אין זיך עפּעס אויפגעדעקטס און באַפרייטס; פּונקט ווי אַלס סימן דערפון, איז אין באַנד פון איר קלייד אויף איין אַקסל איבער געריסן געווען; זי האָט געטראָגן אָוונט-קליידונג און די לינקע ברוסט איז געווען כמעט נאַקעט. איר קול האָט אָפּגעקלונגען טיף און הייזעריק מיט אַ גאָרגל-בייקלאַנג, דער ברוינער האַלדז האָט זיך געדרייט אין אַלע זייטן און די אויגן האָבן געבלישטשעט מיט אַ געלן-גלאַנץ. זי האָט דערציילט אַ געשיכטע, וואָס איז פּשוט געווען אַ חזירײַ, הגם גאַנץ שיין פאָרגעטראָגן; זי האָט דערפילט אויף זיך לודינס פאַרעקשנט-פאָרשנדיקן בליק; און האָט שנעל פאַרענדיקט דערציילן די געשיכטע.

און בעת די צוהערער זענען אויסגעבראָכן אין אַ פאַר-טויבנדיק געלעכטער (עס האָט זיך זעהאַנדלט וועגן אַ מאַנספּער-

שוין, וועלכן איז, ווייזט אויס, אַלעמען באַקאַנט געווען; ער איז איינמאָל אַהיימגעקומען און זיך געוואָלט לייגן שלאָפן נעבן זיין ווייב אויפהויבנדיק די דעק, האָט ער דערזען צוויי פרויען, ער האָט אָנגעהויבן קרעכצן, מיינענדיק, אַז ער זעט מיט אַ טאָפּל-בליק; בעת אַלע, אַ חוץ אַרנאָלד קעלער, וועלכער איז געווען ערנסט ווי אַקבר, זענען אַריינגעפאַלן אין אַן ענטוזיאַסטי-שער פריילעכקייט, האָט זיך לוי אַ ריס געטון פון אָרט, גע-שטופּט מיט אַ פוס און אויסגערופן:

— נאַרישקייט! אמתע טפשות!

מיט אַ באַפעלערישן זשעסט האָט זי צוגערופן צו זיך לודינען.

ער האָט געהאָרכט. עס איז נאַריש, וואָס ער שטייט אַזוי ווי אַ קאָמענדאַנט, אַזוי קאָן מען נישט; ער מוז טרונקען. זי האָט געהייסן אַרטעלין ווידער אָנגיסן איר כוס מיט שאַמפּאַ-ניער, האָט אַליין צוגעגאָסן קאָניאַק און דערלאַנגט דעם כוס לודינען.

— אויסטרונקען! — האָט זי באַפוילן, אַרומנעמענדיק זיין אַקסל מיטן נאַקעטן אָרעם.

ער האָט געפאָלגט.

זי האָט ווידער אָנגעפילט דעם כוס אויפן זעלבן אופן; ווידער האָט זי אים געהייסן אויסטרונקען. איצט האָט זי זיך נענטער צוגעשטעלט צו אים אַזוי, אַז ער האָט דערפילט אירע ברוסטן און אַרומגענומען זיין האַלדז מיטביידע אָרעמס, בעת ער האָט גענומען ס׳גלעזל אין דער האַנט אַריין. כדי אויסצו-טרונקען האָט ער געמוזט אויסבייגן דעם קאָפּ; זיין פּנים איז געוואָרן פולשטענדיק גראָ, כמעט פּאַרוועלקט, אָבער לודין האָט זיך צעשמייכלט; דאָס איז געווען אַ ווילנלאָזער, נשמהלאָזער, קרענקלעכער שמייכל.

ציי האָבן דערצו געברענגט די בריסטן, וואָס ער האָט דער-שפּירט, די הויט, וואָס ער האָט באַרירט, צי דער ווילדער ריח פון די האָר און פון קערפּער, וואָס ער האָט איינגעאָטעמט ער איז געווען געהאָרכזאַם, זענענדיק גלייכצייטיק אָרום זיך בייזע,

ציניִשע, נייגעריקע און גלייכגילטיקע מינעס.

בעת ער האָט אַ ביסל אויסגעדרייט דעם קאָפּ, האָט ער אַ בליק געטון מיט פּחד און געזאָגט מיט אַ מאָדנע דין קול.

— אַנטשולדיקט; אַ רגע; אַנטשולדיקט...

און ער האָט געקוקט צו דער טיר, וואָס האָט זיך אויפגעעפנט אויף אַ ווײַלע צוריק.

עמעצער איז אַריין. עס איז געווען פּרוּוינדאָרפער.

## LVIII.

פרוינדאָרפער און הינטער אים הער שמידט.

ער איז געשטאַנען אין מאַנטל, מיט אַ ברייטן קאַפּעלוש אויפן קאָפּ, מיט אַ גראָבן שטעקן אין דער האַנט, אַזוי ווי מיט פיראונצוואַנציק שעה צוריק, בעת ער איז אַרויס פון לודינגס הויז.

זיין פנים האָט געטראָגן אַ בייז-פאַרחלומטן אויסדרוק; די אויגן האָט ער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, און פון אונטערן קאַפּעלוש האָבן אַרויסגעקוקט שוין גאַנצע וואָכן נישט געקעמטע האָר פון אַ היי-קאָליר.

דאָס ריזיקע געשטאַלט האָט פאַרנומען דעם גאַנצן ליידיקן חלל פון דער טיר. הער שמידט האָט אויסגעזען קייגן אים ווי אַ קליינער אינזעקט.

פון זיין מינע האָט מען געקאָנט דערגיין פאַרוואָס ער איז, אַריינקומענדיק אַזוי לאַנג געשטאַנען אין דער טיר. עס איז שווער צו רעכענען, אַז ער האָט פריער געוואָלט ציען אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, אָדער ער האָט זיך געוואָלט אָרי-ענטירן אין דער געזעלשאַפט, וואָס האָט געשפּילט אין קאָרטן.

עס איז נישט געווען זיין געוווינהייט אַרויסצורופן אויס-געדעכנטע עפעקטן און זיך פאַמעלעך שפּילן מיט זיי. אַדרבא, אַלץ אין אים האָט אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן עקל. ער האָט נישט ליב געהאַט קיין דראַמאַטישע סצענעס און שפּאַנענדיקע מאָמענטן.

ער האָט געפֿילט פֿאַראַכטונג צו אַלעם, וואָס האָט אין געוויינלעכן לעבן דערמאָנט בינע און טעאַטער. ער האָט נישט ליב געהאַט צו באַאומרויִקן מענטשן, שפּילן פֿאַר לייטן האָט אים נישט געלאָזט דער גייסטיקער שטאָלץ און זיין נייגונג צו איינזאַמקייט.

פּונקט ווי עפּעס אַן אומגעוויינלעכע סיבה האָט אים באַוויגן איבערצוטרעטן די שוועל פֿון דאָזיקן הויז, אַזוי האָט דאָס געפּליסטער פֿון אַ העכער באַוווסטזיין אָפּגעהאַלטן אים. פֿריער האָט זיך געמוזט אויסלעשן דאָס לעצטע ליכט.

הער שמידט האָט שטיל געריבן זיך די מאָרדע אָן זיין פּוס.

פֿרוינדאָרפֿער האָט אַ ווונק געטון צום הונט און געגאַנגען צום טיש.

דער באַראָן און די פֿילם-אַקטיאָרקע האָבן זיך פּלוצלינג אָפּגערוקט איינער פֿון אַנדערן.

דאָס געלעכטער און די שיכּורע פּלוידערייען האָבן מיט אַמאָל אויפֿגעהערט.

נישט פֿאַרטרויִלעכע, דערשראָקענע בליקן, האָבן זיך געווענדט צום ריז.

דאָס, וואָס ער האָט נאָך אַלץ געטראָגן דעם קאַפּעלוש אויפֿן קאָפּ, האָט אַרויסגערופֿן אומהיימלעכקייט. ער האָט אויפֿגעהויבן דעם שטעקן, איבערגעדרייט אים און דריי מאָל געקלאַפּט אָן טיש, אַזש די פֿלעשער, גלעזער און קאָרטן האָבן אַ טאַנץ געטון אינדערהויך, ער האָט אויסגעשטרעקט דעם לינקן ווייזפֿינגער און געוויזן אין דער ריכטונג, וווּ לודין איז געשטאַנען און געזאָגט מיט אַ פֿאַרשטיקטן באַס:

— איך האָב שוין מער נישט געוואָלט אָפּשלעפּן דערמיט, דיסקאָלאָס. הער שמידט און איך זענען היינט געווען ביים פּראָפֿעסאָר, און דעריבער זענען מיר איצט דאָ, הער שמידט און איך.

קיינער פֿון די פֿאַרזאַמלטע האָט, ווייזט אויס, נישט געזען קיין שום פֿאַרווײַלנדיקס אין קאָמישס אין דעמדאָזיקן מענטש.

אַלע האָבן געקוקט אויף איר, ווי זיין פּנים וואָלט געווען אַ מאַגנעט, און זייערע בליקן שפּיזלעך פון אייזן. עס איז געוואָרן מיט יעדער רגע שטילער.

אַלע האָבן געפילט, אַז עס וועט באַלד געשען עפּעס נישט געוויינלעכס.

לוי איז געשטאַנען נעבן איר שטול, האַלטנדיק אַ ליידיק גלעזל שאַמפּאַניער אין האַנט און צודריקנדיק אינסטינקטיוו די לינקע האַנט צו דער ברוסט.

מיט צונויפגעצויגענע ברעמען האָט זי געקוקט אָט אויף די געסט, אָט אויף לודינען און אָט אויף דעם אומבאַקאַנטן אינעם ברייטן קאַפּעלוש, וואָס איז אין אַ נישט-נאַטירלעכער גרויס געשטאַנען מיט אַ צוויי טריט פאַר איר, ווי אַ טורעם.

לודין האָט זיך נישט באַוועגט. ער האָט געקוקט צו דער ערד, ווי פאַרווינדאָרפער.

און פאַרווינדאָרפער ווייטער, נישט קוקנדיק און זיין פּרייַנט און דריקנדיק דעם שטעקן אין איין האַנט און די צווייטע האַלטנ־דיק אויסגעשטרעקט אין דער זייט, ווו לודין איז געשטאַנען. האָט ווידער אָנגעהויבן:

— דיסקאַלאָס, זאָג איר, ווער איך בין, זאָג יענער נקבה, ווער איך בין.

עס איז געוואָרן נאָך שטילער.

— די זאָגסט נישט? זי ווייסט, דאַכט זיך נישט, אַז איך בין פאַרווינדאָרפער.

לוי האָט זיך צוריקגעצויגן אויף אַ טראָט. איר פּנים האָט געציטערט.

שרעק, צאָרן און אויפרעגונג האָבן געפלאַמט אין אירע אויגן.

זי האָט געפּרוּווט עפּעס זאָגן. דעמאָלט האָט זיך דער־הערט אַ הילכיקער קלאַפּ.

פאַרווינדאָרפער האָט אַ זעץ געטון מיטן שטעקן אין טיש מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין שטאַרקער האַנט. צוויי גלע־זער זענען צעשמעטערט געוואָרן.

ער האָט אויפגעהייבן די ברעמען. זיין שטאָלענער בליק האָט זיך איינגעבויערט אין דער בלייך-געוואָרענער לוי.

— די האָסט פון אים אַ חל געמאַכט מיט דיין פאַרסם־טער אַרומאַרמונג, — האָט ער געשריגן צו איר.

ער האָט זיך ווייטער צוריקגעצויגן, מיט ברייט-געעפנטע אויגן, האַלטנדיק פאַר זיך דאָס גלעזל, ווי אַ געווער.

— זיי זיך מודה, — האָט ער געריטשעט מיט אַ קול, וואָס האָט אַדורכגענומען ביז צום מאַרך פון די ביינער, — זיי זיך מודה, אַז דו האָסט אים אָנגעשטעקט, פאַרשאָלטענע חיה. זיי זיך מודה, גאָסן-מויד, אַז דו האָסט אים מיר צוגענומען.

דאָס יינגל אינם קאָסטיום האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

ער איז געשטאַנען ביי דער וואַנט מיט אַן אויפגעעפנט מויל און אויפגעהויבענע הענט.

דאָס גאַנצע קרענצל ביים טיש האָט אויסגעזען ווי אַ זאַמלונג פון וואַקס-פיגורן.

אין לוּיִן איז פאָרגעגאַנגען אַ מאָדנע ענדערונג. אפשר ווייל עס האָבן זי אינגאַנצן באַהערשט פחד און שרעק, ווייל דער ריין-פיזישער איינדרוק פון דעם אימהדיקן ריכטער האָט זי אַראָפּגעשטופּט פון די רעלסן, אָדער גאָר דערפאַר, ווייל די אומדערהערטע סצענע האָט זי אינגאַנצן פאַרלוירן אין געמאַכט פאַרלירן די הערשאַפט איבער אירע חושים (די אומעטיקסטע בילדער פון איר פאַרגאַנגנהייט האָט אַזוי-נאָך געקאָנט אויפ־שווימען אין איר געדעכעניש), — זי האָט אָנגעהויבן צו ציטערן ווי אַ בלאַט, האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס גלעזל אויפן דיוואַן, אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ און אים אַרומגענומען מיט די הענט און געוומען וויינען ווי אַ קליין מיידל.

— זייער שיין, — האָט פּרווינדאָרפער געחוזקט, — די חיה לייגט פאַר אַ וועקסל צו רירן אונז. ווער עס האָט אים אויסגעשטעלט און אונטערגעשריבן, זאָל אים צאָלן. געערטע גע־זעלשאַפט, קיינער וויל עס נישט טון? אהאַ, איך ווייס, פאַר־וואָס איר פאַרמאַכט די קעשענעס. דער וועקסל איז אַ פאַלשער.

דאָקומענטן-פֿאַלשונג. דו זעסט, דיסקאָלאָס, דו הערסט. וואָס פֿאַר אַ באַווייזן ווילסטו נאָך?

און ווענדנדיק זיך נאָכאַמאָל צו לוין, האָט ער אויסגעשריגן מיט אַן אומרחמנותדיק קול:

— פֿאַרוואָס האָסטו דערלאָזט דערצו, בעסטיע, ענטפֿער!

שלוכצנדיק וואָסאַמאָל העכער, האָט לוי איינגעטוליעט דעם קאָפּ אין די אַקסלען.

— פֿאַרוואָס האָסטו צעטרעטן די בלום? — האָט פּרווינדאָרפֿער געצויגן מיט אַ קול, וואָס האָט זיך שאַרף צעבראָכן — פֿאַרוואָס האָסטו דעם טאַטן דערהרגעט זיין קינד? פֿאַרוואָס האָסטו אין זינדיקער הולטייסטווע צוגעגנבעט מיין איינציק פֿאַרמעגן? פֿאַרוואָס, פֿרוי? פֿאַרוואָס, מענטשלעכע קאַריקאַטור? פֿאַרוואָס האָסטו צוגערויבט דער וועלט אַ מענטש? האָט זיי דינאָזיקע בהמשע, עקלהאַפֿטע וועלט צופֿיל? פֿאַרוואָס האָסטו נישט געהאַט קיין רחמנות, פֿרוי? פֿאַרוואָס האָסטו אים אָנגעשטעקט מיט אַ מגפֿה, וואָס האָט אים צוגענומען דאָס לעבן? פֿאַרוואָס, פֿרעג איך.

די לעצטע פֿראַגע האָט געקלונגען ווי אַ דונער. פּרווינדאָרפֿער האָט געפֿאָכעט מיט דער פֿויסט אינדערלופֿטן. די דיקע מוסקול-בערגלעך איבער זיינע פֿאַרבלאָזטע אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן און פֿון די ברעמען, שווער צו פֿאַרבאָרגן, זענען געשוווּמען טרערן.

זיי זענען וויינענדיק געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן, צוויי קעגנזעצלעכע וועלט-פֿאָליוסן.

לוי האָט אויפֿגעהויבן דאָס שניי-ווייסע פּנים און אָפּגעקרעכצט מיט אַ קוים-דערהערבאַר קול:

— ער האָט געוווּסט דערפֿון.

עס איז געווען קלאָר, אַז זי זאָגט ליגנט, אַז זי גלויבט נישט, אַז מען וועט איר גלויבן און אַז זי האָט פֿאַר יעדן פּרייז געוואָלט געפֿונען אַן אויסוועג.

דעמאָלט האָט זיך אַרנאָלד קעלער פֿאַמעלעך אויפֿגעשטעלט.

ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער וויל האַלטן אַ טאָסט אָדער ווי ער וואָלט אַרויס הינטער דער פאָרהאַנג מיטצוטיילן דעם פּובליקום, אַז דאָס פּראָגראַם ווערט געענדערט.

ער האָט אַוועקגעלייגט דעם ציגאַר אויפן אַש-בעכער, אָפּגעהוסט און געזאָגט:

— איר וועט מוחל זיין. איך דערלויב מיר צו מאַכן אויפמערקזאַם, אַז דאָ איז נישט קיין געריכט פון געשווירענע מיט אַ פאַרהער און אורטייל. עס איז נישט אויפן אָרט אויסצודריקן זיך אויף אַזאַ אופן. איך ראַט אייך צוהאַלטן זיך שכלדיקער. כ׳בעט צו געדענקען סענעקאַס ווערטל: Magnus animus vemissius loguitur. איז דען די, וואָס איר קלאָגט אָן, געקומען אויף דער וועלט מיט דעם פעלער? שטאַמט עס פון איר אייגן בלוט און פלייש? איז זי דען נישט פון איר זייט אויך אַן אומשולדיקער קרבן? איר באַשולדיקט אַן אָרעמען, לייענען מיר; און אַנדערשווו ראַטעווע אונז פון בייזס. דעריבער זייט פאָרזיכטיק, מיין הער. און נישט געקוקט אויף אייער צער, זאָלט איר אַכטן דעם זשעני, וואָס ווינט אין אָט דער פרוי.

פּרווינדאָרפערס אַ גאָרגל-געלעכטער איז געווען אַן ענטפער.

ער האָט זיך אויסגעדרייט, לאַכנדיק כסדר:

— הער שמידט, איר פאַרשטייט עס... ראַטעוועט, הער שמידט... איך אַפּעליר צו אייך, הער שמידט... איך שטיק זיך... איך ווערג זיך...

בעת ער האָט די לעצטע ווערטער אויסגעשריגן צו דער ערד, אַרויסרופנדיק דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט עס געטון מיט פיזישן ווייטיק, איז לוי געפאַלן אויף די קני, האָט אָנגעכאַפּט אַרגאָלד קעלערס הענט און זיי צוגעדריקט צו דער ברוסט.

איר אויפגעהויבן ווייס פּנים האָט געהאַט דעם אויסזע פון דער תשובה-טוענדער מאַגדאַלענע.

דער באַראָן, וועלכער האָט זיך פאַמעלעך, ווי אַלע אַנ-

דערע, אויפגעכאַפּט פון דער אוממאַכט, האָט אַרויסגעלאָזט אַ ברום פון אַנטציקונג, דער פילם-רעזשיסער, וועלכער איז געווען טויט שיכּור, האָט גענומען פּאַטשן מיט די הענט, וואָס ער האָט שטענדיק געטון, בעת עס איז אים אַרויסגעקומען אַ גוטע סצענע, און האָט געשריגן:

— בראַוואָ! אויסגעצייכנט. אויסגעצייכנט. אַראָפּנעמען! דרייען!

דערדאָזיקער אויסגעשריי, וואָס איז געווען געמישט מיט אַ נאַיִווער פּשטות, ד—האָט האַרט אָפּגעקלונגען, ער האָט אַלע-לעמען אַרויסגעריסן פון דער קאָמענדיאַנטישער פאַרגעסנקייט, פון דעם פאַרלוירן-ווערן אין טומל, פון פאַרלירן דעם באַגריף פון יעטוועדער ווירקלעכקייט.

נאָך עטלעכע רגעס געפינען זיך אין איבערראַשונג, האָט פּרוינדאָרפער געכאַפּט דעם קאָפּעלוש, אים אַראָפּגערוקט טיף איבער די אויערן, און ווענדנדיק זיך צו לודינען, האָט ער געזאָגט מיט אַ מאָדנעם העפלעכן טאָן:

— דיסקאָלאָס, איצט וועל איך גיין און רעדן צו די שטיינער אויף דער גאַס.

לודין איז צוגעגאַנגען צו אים.

— יאָ, עגיד, צייט אָוועקצוגיין, — האָט ער געזאָגט, — דערלויב, איך זאָל דיך באַגלייטן.

וועלכער מענטש האָט, דיר אַרויסגערעדט די לעצטע ווערטער? ער האָט געהאַט אַ מאָדנע קול און אַ מאָדנע פאַר-ענדערט אויסזען; דאָס האָט געקלונגען ווי אַ צווייפל, צי ער וועט באַקומען די דערלויבעניש.

דאָס פּנים איז געווען פאַרעלטערט, גראָ און פייכט. די הענט האָבן געמאַכט אומזיניקע באַוועגונגען. אויף דער שוועל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אָן עפּעס.

אין קאָרידאָר האָט ער נישט אַזוי גיך געקאָנט געפונען דעם מאַנטל און דערנאָך איז אים שווער געווען אים אָנ-צוטאָן.

פּרוינדאָרפער האָט אים געמוזט העלפן. דאָס פאַרקנעפּלען

דעם מאַנטל האָט געדויערט עטלעכע מינוט.

מען האָט זיי מיטגעגעבן אַ ליכט צו לייכטן אויף די טרעפּן.

פרוינדאָרפער האָט עס געהאַ-טן, גייענדיק פאָרויס. אַ ריזיקער שאָטן האָט זיך געלייגט אויף די שטיגן. אינדערנידער־ האָט לודין געזאָגט:

— דאָס באַוווּסטזיין, אַז מען גייט צום לעצטן מאָל אויף געוויסע טרעפּן, געהערט צו די צאָלרייכע קאָמוניקאַציע-וועגן מיטן טויט, וועלכע עס שאַפט דאָס לעבן.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז דאָס איז צום לעצטן מאָל? — האָט פרוינדאָרפער האַרט געפרעגט.

— פון וואַנען ווייסטו, אַז דו האָסט געענדיקט דאָס בוך, בעת דו האָסט איבערגעמישט דאָס לעצטע זייטל? פון וואַנען ווייסטו, אַז דו וועסט שוין קיינמאָל נישט נעמען אין דער האַנט אַריין דאָס גלאָז, וואָס דו האָסט צעבראָכן? אָט דאָס זענען אונזערע געזעגנונגס-אופנים. טרעפּן זענען בלויז אַ משל. אָבער אָט די אַלע זאַכן גייען פאַרלוירן פאַר אונזערע אויגן, בעת מען פאַרלאָזט זיי צום לעצטן מאָל. אַ גלאָז, אַ בוך און טרעפּן קאָנען נישט אַזוי פאַרלוירן גיין, ווי אַ מענטש, וואָס איז אָפּגעטיילט פון דער מענטשהייט, פון גאָט און פון דער ערד, און וואָס וועגן זיין נישטיקייט. אָ, איז נישט פאַראַן קיין שטאַרקער וואָרט, פאַרוואָס זענען אַלע ווערטער אַזוי נעבעכדיק— וואָס וועגן זיין נישטיקייט האָבן מיר אַזאַ קנאַפּע אַנונג, אַז מיר הויבן זי אָן צו היילן ערשט דאַמאָלס, בעת מיר זעען אויף דעם זייגער פון אונזער האַרץ, דאָס זי וועט קיינמאָל מער נישט קומען.

ער האָט צוגעשטעקט דעם שטערן צום אָנלען, אָבער באַלד האָט ער זיך פאַרשעמט מיט זיין שוואַכקייט און זיך ווי־ דער אויסגעגלייכט.

— דו רעדסט נאַרישקייטן, ברודער; קום. — האָט פרוינ־ דאָרפער געזאָגט אַ נישט-גערעכטער.

זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס.

— איצט וואָלט מען געקאָנט פּרוון האַלטן אַ רעדע צו די שטיינער פון ברוק — האָט פּרוינדאָרפער אויסגערופן און מיטן שטעקן אַ שטאַרקן זעץ געטון אין דער ערד, אַז הער שמידט האָט אַ דערשראָקענער אַ שפּרונג געטון אין אַ זייט און געקוקט מיט אַ פאָרוווּרף אויף זיין הער.

— זע, וואָס פאַר אַ פאַראַכטונג, — האָט פּרוינדאָרפער געזאָגט, — זע, וואָס פאַר אַ פאַראַכטונג איז פאַראַן אין אָט דער חיה. אָ, איר טרויעריק געזינדל, איר טראָגט אייך אַרום מיט חשובות, איר חלומות-הונגעריקע לייט, איר אומעטיקע וואַגאַבונדן אויף אומעטיקע יאַרמערק.

— און דו רעדסט פון היץ, עגיד, — האָט לודין געזאָגט ווידער אַן איינגעקאָרטשעטער. — איך ווין שוין נישט ביי מיר אין דערהיים, — האָט ער זיך אָנגערופן אין אַ וויייל אַרום — פון היינטיקן טאָג אָן ווין איך ביי פרוי דאַמראָש. פּיאַ האָט מיר דאָס פאָרגעלייגט. וואַרשיינלעך וועל איך זיך צעגיין מיט פּיאַן.

פּרוינדאָרפער האָט עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכן ברום געטון. זיי זענען צוגעקומען צו דער לעבלשטראַסע, לודינען איז שווער געווען צו גיין.

— עס איז מיר קאַלט, — האָט ער געזאָגט.

דערנאָך האָט ער נישט דרייסט פאָרגעשלאָגן פּרוינדאָרפערן, ער זאָל איבערנעכטיקן ביי אים. אַריינדרינגנדיק טיפער, האָט מען אין זיינע ווערטער געקאָנט הערן אַ טאָן פון געבעט.

פּרוינדאָרפער האָט געברומט עפּעס, וואָס האָט געקלונגען ווי ער וואָלט מסכים געווען.

לודין האָט מיט דעמזעלבן אומעטיקן, דערדריקטן קול דערמאָנט, אַז מאָרגן אינדערפרי מוז ער האָבן אַ שמועס מיט עגידן, וואָס געפינט זיך אין דער אויספאָרשונגס-תפיסה, עס איז אַ סטודענט, וועמען ער האָט געלאָזט גיין לאיבוד, וואָס אין זיין גורל איז ער מיטשולדיק. ער מוז מיט אים רעדן. דערנאָך מוז ער זיין אויף נאָך אַן אָרט. דערנאָך, אַרום עלף אַזייגער, האָט ער עפּעס וויכטיקס צו דערליידיקן אין געריכט. צו קאָנ-

ראַד לאַנצן וועט ער גיין אַ זייגער אַכט אינדערפרי און פריער זמו ער נאָך זיין ביים אויספאָרשונגס-ריכטער, אָדער ער וועט טעלעפאָניש שמועסן מיט אים. עס האַנדלט זיך וועגן עטלעכע שעה, בעת וועלכע ער וואָלט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט פּרוינ-דאָרפערן.

דידאָזיקע אַלע רייד האָבן פּרוינדאָרפערן געצוווּנגען צו פאַרטראַכטן זיך.

ער האָט גענומען לודינען אונטערן אָרעם און געפירט דעם זיך וואַקלדיקן חבר. די גאַסן זענען געווען אָפּגערייניקט פון מענטשן.

בשעת זיי זענען אַריינגעקומען אין לודינס נייער וווינונג, פּרוונדיק אויפשליסן די טירן מיט פאַרשידענע שליסלען, האָט לודין אַ פאַרטראַכטער זיך אומגעקוקט אין צימער, וואָס זיינע ווענט זענען געווען באַשלאָגן מיט אַ בלוי מאַטעריאַל. נעבן דעם איז געשטאַנען אַ קופער, וואָס פּיאַ, האָט געשיקט. און פּונקט אַזוי ווי פאַרמיטיק — וויפל אומבאַגרייפלעכע צייט איז אַוועק זינט דערדאָזיקער שעה, — האָט לודין געשעפטשעט, קוקנדיק אויף דעם קופער:

— אַזוי איז פּיאַ.

ער האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם מאַנטל און אַריינגעפאַלן אין פאָטעל.

פּרוינדאָרפער האָט אויך אויסגעטון דעם מאַנטל, דעם הוט געוואָרפן אויף דער פאָדלאָגע, זיך געזעצט אויפן אַנדערן פאָטעל און אויסגעשטרעקט פאָרויס, האָט ער די גאָמבע אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן.

הער שמידס, שטיל ווי שטענדיק, איינגעקוקט אין זיין הער מיט הכנעהדיקע בליקן, איז געלעגן צווישן זיי.

שעהן זענען פאַרשוווּנדן. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, עס האָט זיך געוויזן אויף טאָג, די זון האָט גענומען לויכטן, אָבער קיינער פון זיי איז נישט געשלאָפן, קיינער האָט נישט גערעדט.

## LIX

האַלב נײַן איז לודין אַרײַן אין דער צעל, אין װעלכער עס איז געװען אַרעסטירט קאָנראַד לאַנץ.

ער האָט שוין געהאַט גערעדט מיטן אויספאָרשונגס-ריכ־טער. אַזוי װי ביז-אַהער איז נישט צוגעטײלט געװאָרן קײן פאַר־טײדיקער פון אַמט, װאָס דער אַרעסטירטער האָט, אַגב, נישט געפאָדערט, האָט מען אַפילו נישט געדאַרפט דעם נאָמען פון באַרימטן לודין, כדי צו קאָנען צוקומען צו קאָנראַד לאַנץ.

דער ריכטער האָט אים אויפגענומען זײער העפלעך און דערלויבט אַדורכצוקוקן .די ביז-איצטיקע דערקלערונגען פונם אָנגעקלאָגטן.

אַ שמאָל, אומעטיק לאָך. דאָס אײַזן-בעטל איז געװען פאַר־דעקט מיט אַ נישט איבריק-רײנער דעק,

דאָס פאַרקראַטעטע פענצטער איז געװען אָפן. עס איז אַרויס אויף אַ הויף אויף װעלכן עס האָבן זיך געפונען ריזיקע געבײַדעס. הינטער דעם שטאָטישן פרימאָרגן-הימל איז געװען שטיל.

לאַנץ איז געזעסן נעבן אַ הינקנדיק בענקל. פאַר אים איז געלעגן אַן אָפן בוך.

זײַן פּנים איז געװען אַזוי דאַר, אַז די בײנער האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון די באַקן, שאַפנדיק פון אונטן צװײ גריבער.

אַפילו די נעגאָלטע ליפן האָבן אויסגעזען אײַנגעפאַלן דאָס איז געװען אַ פּנים פון אַן אַסקעט, אַן אומעטיק און שטום פּנים.

זיי האָבן אָנגעהויבן צו שמועסן.

דער אַדוואָקאַט האָט דערקלערט, אַז ער ווייסט אַלץ. ער האָט באַשלאָסן צו קומען לאַנצן יורידיש צו הילף.

וואָס אַן אמת איז, באַשעפטיקט ער זיך זעלטן מיט שטראָף-פּראָצעסן, נישט געקוקט דערויף איז ער גרייט ווי ווייט מעג-לעך צו פאַרטיידיקן אים, לאַנצן, הגם נישט אין אַלע סטאַדיומס פערזענלעך.

ער ווייסט נאָך היינט גישט, צי ער וועט עס זיין ביכולת צו טון, ווייל ער האָט לעצטנס געהאַט אַזעלכע איבערלעבונ-גען, וואָס וועלן אים צווינגען צו מאַכן אַ סך ענדערונגען; אויב ער וועט אַליין נישט קאָנען פאַרטיידיקן, וועט ער אַלנ-פאַלס מיטהעלפן אַלס בעל-יועץ.

ער האַלט עס פאַר זיין חוב. עס גייען דאָ נישט אין באַטראַכט פאַך-ענינים; עס זענען פאַראַן אַנדערע מאָטיוון. עס איז איצט נישט קיין צייט זיי צו פאַרטייטשן.

ער דערקלערט, אַז ער איז נישט געקומען, כדי אַלס גע-זעלשאַפטלעכע קראַפט צוטון אַ טובה אַ געזעלשאַפטלעך-געפאַלע-נעם און אַנטוואָפנטן מענטש, נאָר פון אינערלעכער נויטווענדי-קייט.

און — האָט ער לאַנגזאַך צוגעגעבן — פון אינערלעכער שולד-באַוווסטזיין.

לאַנץ איז געוואָרן פאַרווונדערט; נישט איבעריק פאַר-ווונדערט. אפשר דערפאַר, ווייל אַלץ, וואָס איז דערגאַנגען צו אים פון מענטשן, האָט אים גאָר אויבערפלעכלעך אָגגערירט. מער איז פאַרחידושט געוואָרן לודין, בעת דער יונגער מענטש, וואָס האָט מיט אַן איינגעגראָבענעם בליק אַ ווײַלע געקוקט פאַר זיך האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג.

ווען לודין האָט געפרעגט וועגן די סיבות פונם אָפּזאָג, האָט דער אַרעסטאַנט געענטפערט, אַז דער געדאַנק וועגן פאַר-טיידיקן רופט ביי אים אַרויס אַ מיאוסן טעם.

אויב מען וואָלט געוואָלט האַנדלען לויט זיין שכל און

לויט זיינע ווונטשן, וואָלט מען בכלל אָפּגעשאַפט דאָס מין פּאַרטיידיקן.

דאָס אַריינציען דעם, דורך אים שטאַרק געאַכטן דאָק־טאָר לודין, אין אַזאַ פּאָרויס־פאַרשפּילטן פּראָצעס, פאַרשאַפט אים אומאָנגענעמלעכקייטן, איבעריקע אומאַנגענעמלעכקייטן. ער האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם גורל.

ער האָט דערליידיקט מיט זיך. זיין גורל איז אָפּגעשטעמפּלט; זיין עקזיסטענץ איז געענדיקט.

וואָס די שטראָף וועט זיין און ווי לאַנג זי וועט דויערן האָט שוין נישט פאַר אים קיין שום באַדייטונג.

די גינסטיקע שטימונג פון אַ זעלבסטמערדער, אין וועלכער ער געפינט זיך איצט קאָן שוין נישט זיין מאַסגעבנדיק פאַר זיין קומענדיקן המשך פון זיין לעבן, — האָט לודין זיך אָנגערופן; דער גייסט האָט זיין צופלוס און אָפּפלוס.

לאַנץ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. דאָס וואָס ער האָט גע־זאָגט, איז ריכטיק.

שוין לאַנג האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון די פאָלגן.

ער האָט געפירט אַ געפערלעך שפּיל. ער האָט געשטעלט דעם קאָפּ אויף די קאָרט.

וואָס פאַר אַן אומזין איז עס צו וועלן ראַטעווען די פיס און די הענט, בעת דער קאָפּ פאַלט.

לודין האָט געענטפערט מיט אַ פאַרנעפּלטן בליק, אַז אַזאַ געפילס־לאָגיק גראָבט אונטער דעם גאַנצן רעכטס־בנין, נישט בלויז דעם איצטיקן וואָס איז — לאָמיר זיך מודה זיין — אַ פעלערהאַפטער, נאָר אויך דעם קומענדיקן, דעם העכערן, וואָס איז נאָך אַן אידעאַל.

דערויף האָט לאַנץ געענטפערט, אַז ער גלויבט נישט אין אַ העכערער־געזעצגעבונג, ער גלויבט נישט אין דער אַנטוויק־לונג.

לודינס ענטפער איז געווען גאָרנישט זאָגנדיק: אַט סתם אַ פראַזע.

דאָס גרעסטע פאַרברעכן זיינס, האָט לאַנץ געזאָגט, איז געווען דאָס, וואָס ער האָט גערעכנט אויף אַ נס.

צום סוף איז דער ענין געשטעלט געוואָרן אויפן שאַרף פון מעסער: זיין אַ ווילטוער פאַר דער מענטשהייט און באַרימט אין דער וויסנשאַפט, אָדער אַן איבערגעצייגטער פעלשער און קרימינאַליסט.

ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו לאָזן זיך אויף ווייטערדיקע וועגן און באַשלוסן.

ער איז ענלעך געווען צו אַ שנעל־לויפער, וועלכער איז נעבן סאַמען ציל, פאַרלירנדיק דעם אָטעם, אַרויפגעשפּרונגען אויף אַן אויטאָמאָביל, מיינענדיק אַז קיינער וועט עס נישט באַמערקן.

די אומגעדולדיקייט, האָט ער צוגעגעבן, איז שטענדיק נאַיוו, אָבער צום פּונקט, אויף וועלכן עס שטייט איצט די וויסנשאַפט, לויפן איצט הונדערטער מענטשן און דער ערשטער קומט אָן נישט שטענדיק דער אויסדערוויילטער, נאָר דער צומערסטן אַנטשלאָסנסטער, קאַלטבלוטיקסטער.

זיין אופן פון רעדן האָט געקלונגען ווי אַ טרוקענער רעגיסטער.

ער האָט אויך געזאָלט האָבן דערפינדן אַ מיטל קייסטלעך אויסצואַרבעטן, האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן, ווי ער וואָלט פאָרויס געוווסט, אַז לודין וועט וויסן, ווי אָפּצושעצן זיינע ווערטער.

ער וועט געוויס פאַרשטיין, אַז דאָס הייסט: אַן איבערקערעניש אין דער גאַנצער וויסנשאַפט.

ער איז אָבער געפאַלן אויפן קאַמפּס־פעלד אַ שווער פאַרוווּנדעטער.

ווי אַ סך געלערנטע, האָט ער שטאַרק פאַרגעטערט די וויסנשאַפט און אין איר שטאַרק געגלויבט.

בעת לודין האָט זיך באַמיט אים אויפצוקלערן, אַז טאַקע דערפאַר, וואָס ער האָט אַזוי געגלויבט אין דער הערלעכקייט פון דער וויסנשאַפט, האָט ער געדאַרפט זיין איבערקלייבעריש

אין די מיטלען, האָט זיין פנים זיך באַגאָסן מיט אַ רויטקייט און ער האָט שנעל געגומען רעדן וועגן זיין לעבן, וואָס זיין גרונט איז שטענדיק געווען אַ טרויעריקער.

ער האָט נישט דערציילט פון הונגער, פון די שטענדיקע ליידן.

עס האָט זיך אים תמיד געדאַכט, אַז ער האָט זיך ביי־נאַכט אַרובערגעקריגן דורך אַ פּלויט אויף אַ פרעמדן באָדן. שטענדיק האָט ער זיך געמוזט שפּאַרן צו דער וואַנט, אין גימ־נאַזיום, אין אוניווערזיטעט, אין לאַבאָראַטאָריום.

שטענדיק איז ער אָפּהענגיק געווען פון אַ פרעמדנס צו־פעליקער טובה.

יעדע רעטאָרט איז געווען אַ טובה, יעדעס ביכל אַ געשאַנק.

יעדן סעמעסטער האָט ער געמוזט אָנהויבן פון בקשות און בעטלעריי.

ער האָט זיך שטענדיק געמוזט בויגן און פאַרזיכערן אַז ער וועט רויק גיין אין דער ריי און, גאָט באַהיט, קיינמאָל נישט שטרעבן הויך.

די געזעלשאַפט ווערט דאָך דערשראָקן, ווען עמיצער פאַר־לאָזט דעם אויסגעטרעטענעם וועג און גייט מיט אַ נייעם. די ערגסטע זאַך: פרנסה.

ער איז געווען אַ שרייבער, אַן אינסטרוקטאָר, אַ לעק־ציע־געבער.

יעדע שעה, וואָס ער האָט דערביי פאַרלוירן, האָט אים לסוף וויי געטון, ווי אַן אָפּגעהאַקטער פינגער. דאָס געפיל, אַז די צייט אַנטלויפט איז ערגער, ווי נויט.

מיט יעדן טאָג שפּרייט זי זיך אויס איבער פריש־דעראָ־בערטע געביטן; מיט יעדן טאָג מערן זיך די ידיעות, ענדערן זיך מיינונגען און אָנשויונגען.

דאָס אַדורכלאָזן עפּעס אַ זאַך קאָן דעם מענטש פירן צוריק.

די נאַטור איז פול מיט סודות; אַנטפּלעקן איין סוד פאַ־

דערט אָפּט דאָס גאַנצע לעבן. אָבער די נאַטור, אַ פֿאַרעקשנטע אין אַ קאַרגע, וועט גאָרנישט געבן, אויב מען וועט נישט ליידנשאַפֿטלעך פֿאָדערן און נישט מקריב זיין דאָס בלוט פֿונם האַרצן.

דאָס האָט ער געטון, ער קאָן עס באַשטעטיקן מיט אַ ריין געוויסן.

אפֿשר האָט לודין, אויפֿהויבנדיק זיך איבער זיך און קוקנדיק ווי פֿון אַ ראַטאַציע־פּליטע אויף די לעבנס־געשעענישן, וואָס ריקן זיך פֿון אונטן, באַמערקט דעם צונויפֿבונד צווישן די ליידנשאַפֿטן פֿון גייסט און די תאוות פֿון די חושים און פֿון דער נשמה און געטראַכט וועגן די דרכים, וואָס פֿירן פֿון איין זייט אין אַ פֿאַרפֿישופֿטן קרייז און פֿון דער צווייטער זייט אין אַ מאַניאַקישער פּולאַפּקע.

ער איז נישט דרייסט געווען דערין אַריינצוקוקן. ער האָט בלויז געטראַכט, אַז די מענטשלעכע האַנדלונגען דאָס איז אַ שפּיגל־סיסטעם, וואָס לערנט א סך, בעת צוויי מענטשן, וועלכע זענען דערשלאָגן געוואָרן דורך איינאונדעמזעלבן דעמאָן, קוקן אויף זיך; ער האָט זיך נישט אַריינגעמישט; ער האָט בלויז זיך צוגעקוקט.

— געוויס אַנשטייט די פֿראַגע — האָט קאָנראַד לאַנק געצויגן מאָנאָטאָן, — וואָס עס איז ווערט דאָס בלוט פֿון האַרצן; עס איז נישט קיין מסחר־אַרטיקל און האָט נישט קיין פּרייז ביי דער געזעלשאַפֿט. נישט געקוקט דערויף האָט ער זיך דערלויבט צו באַגיין אַ טאַט, וואָס האָט נישט געהאַט קיין טוישווערט. דעם אייגענעם ווילן האָט ער פֿאַרוואַנדלט אין געלט. ער האָט באַשווערט דאָס הויז, וואָס האָט בלויז געהאַט דעם פֿונדאַמענט, די היפּאָטעק, וואָס ער האָט צו באַצאָלן, אויב עס וואָלט זיך אים איינגעגעבן אויסצופֿערטיקן דאָס הויז. ער האָט געמאַכט אַ הלוואה ביי דער געזעלשאַפֿט, געוויס אַ קרעדיט־שפּעקולאַציע אָן דעקונג. ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ מלאכה, וואָס געהערט צו דער מלוכה. די מיליאַרדן פֿאַלשע באַנקנאָטן האָט ער פֿאַרגרעסערט מיט נאָך אַנדערהאַלבן טוץ, די פֿאָרשטע-

לונגס-קראַפּט ווערט שטאַר ביים פאַרגלייך. עס איז פּונקט ווי מען וואָלט עמעצן צוגעצויגן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט דער-פאַר, וואָס מיט פּופּצן שטיינער האָט ער באָמבאַרדירט גוריזאַנ-קאַר און דערמיט כּלומרשט אַרויסגערופן אַן ערד-ציטערניש. אָ, נאַטירלעך, עס איז באַקאַנט, וואָס דאָקטאָר לודין וויל ענטפערן און מוז ענטפערן; אויב אַלע בירגער וואָלטן גענומען טון דאָס-זעלבע, וואָלט זיך אַלץ צעפאַלן אויף אַטאָמען; יעדערער וואָלט אין איין צייט געווען אַ בעטלער און אַ מאָרגאַן, די קי וואָלטן, אַנשטאָט גראָז, זיך אַליין אויפגעגעסן.

אין דער איצטיקער אָרדנונג פון דער וועלט ווערט דאָס געזעץ אין כּעס און באַשטראָפט דעם פאַרברעכער אָן מיטלייד, ווייל דער מינדסטער ציטער פון רחמנות וואָלט תּיכּף די גאַנצע קאָנסטיטוציע געבראַכט ביז צום אַבסורד.

דעמאָלט דאַרף מען אָבער אינגאַנצן פאַרמשפּטן — הגם, אינדערעמתן איז דאָס פאַרברעכן פאַרן מלכות-השמים קליין און אפשר גאָרנישט קיין פאַרברעכן — אָדער אינגאַנצן באַ-פרייען.

ווען דאָס געזעץ וואָלט פון איין זייט נישט בלויז נישט איגנאָרירט, נאָר אַפילו אויך נישט פאַרטיידיקט דעם, וואָס פון דער אַנדערער זייט ציט ער אויף זיך אַן אומברחמנותדיקע שטראָף, וואָלט דאָס גערעכטיקייטס-געפיל געמוזט פאַרוועלקט און פאַרטרוקנט ווערן אין יעדן בירגער.

„אויסערלעך, הייסט עס, איז מען פאַראורטיילט, אינער-לעך באַפרייט, באַפרייט דורך עפּעס אַ שטים! וואָס פאַר אַ מצב!"

„די געשריבענע אותיות פאַראורטיילן מיך אויף דורות, נע-מען מיר צו די אַרבעט, די ערע און די באַלוינונג; דער לע-בעדיקער גייסט שרייט אין מיר: עס געשעט אַן אומרעכט, אַן אומרעכט דעם לעבן, אַן אומרעכט דעם גייסט".

נישט געקוקט דערויף בייגט ער זיך. נישט געקוקט דערויף האָט ער געזינדיקט.

ער איז זיך מודה. ער קאָן נאָר בלויז נישט באַצייכענען

די ליניע, וואָס גרענעצט זיך צווישן אינערלעכן רעכט און אוי־סערלעכן אומרעכט.

אָט זיצט ער דאָ און ברעכט זיך דעם קאָפּ: „ווּ איז דער אמת? אין מיין פאַרצווייפלונג און פאַרטיידיקונג, אין דער מורא פאַר מיין שליחות און אין דער הילף, וואָס איך האָב געזוכט, צי גאָר אין די אומברחמנותדיקע אותיות פון אוסטאַוו, אין דעם פאַרשטיינערטן געזעץ, וואָס האָט שוין צעשמעטערט מיין עק־זיסטענץ, אויסשטרעקנדיק צו מיר אַ האַנט, און מאַכט אַלץ ווייטער אַ תל פון מיר, אָן אונטערשיד, צי עס באַשטראָפט מיך דראַקאָניש אָדער צי עס וועט אָנערקענען מילדערנדיקע אומ־שטענדן".

עס גייט אים נישט וועגן דעם. עס האָט נישט קיין באַ־דייטונג פאַר אים.

ער איז אינערלעך געווען צעשלאָגן און אויפגעטרייסלט אויף אַן אומדערהערטן אופן.

ער איז געזעסן פאַר לודינען אַ צעבראָכענער און אין גע־דאַנק האָט ער געזען דעם וועג, וועלכן ער האָט אַדורכגעמאַכט, און מיט אַן אויפגערודערט און שטאַרק־באַאומרויִקט געוויסן האָט ער צונויפגעקליבן די שערבלעך פון זיין איך.

עס האָט זיך אים געדאַכט, ווי ער וואָלט בלויז גערעדט צו זיך.

— איר זענט געקומען, הער דאָקטאָר, — האָט ער ווי־דער אָנגעהויבן שטאַמלענדיק, — איר האָט זיך באַמיִט... דאָס איז אַזוי מאָדנע...

בעת איר זענט געשטאַנען אויף דער שוועל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איר זענט בלויז אַ קורצע צייט דאָ נישט געווען... היינט ביינאַכט האָב איך אייך דאָ געזען... איך בין נישט קיין פאַנטאַסט און נישט קיין גייסטערזעער; אַדרבא: איך בין מיך באַגאַנגען מיט זיך שטענדיק האַרט, עס איז נישט געווען קיין אָרט אויף טרוימערייען. בפרט אין דער לעצטער צייט... כּדי אויסצופאָרן, כּדי צו באַנוצן די פאַלשע באַנקנאָטן אויף די נוי

טיקסטע זאַכן, האָב איך געגעסן כמעט בלויז ברויט און קאַר־טאָפל.

אַמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, ווי איך וואָלט שוין נישט געהאַט אין די אָדערן קיין ריכטיק בלוט. בעת איך בין נעכטן אין אָוונט געקומען פון דער אויספאָרשונג און געפאַלן אויף מיין בעט, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך חלש, אָבער איך האָב נישט געחלשט.

פון דער פינצטערניש האָט זיך אויסגעטיילט אַ לויכטנ־דיקער קרייז און איך האָב זיך פלוצלינג געפונען אין אַן אומגעוויינלעך גרויסן זאַל, מיט אַ טיפן געוועלבטן סופיט. אויף צפון, מערב און דרום האָבן זיך געעפנט דריי ריזיקע, רונדיקע טויערן, און אויף דער מזרח־זייט איז געשטאַנען אַ טראָן, אויף וועלכן עס איז געזעסן אַ מאַיעסטעטיש געשטאַלט, אָנגעטאָן אין פורפור און אָנשטאָט אַ פנים האָט זי געהאַט אַ גאָלדענע מאַסקע.

איך האָב געוווּסט, אַז דאָס א'ז אַ ריכטער. דורך יעדן טויער איז אַריין אין זאַל אַ גרויסער המון מענטשן. איך האָב זיך געפונען צווישן זיי.

עס זענען געווען מענטשן פון אַלע שיכטן און קלאַסן פון אַלע פעלקער און לענדער, מענער און פרויען, קינדער, זקנים, בחורים און מיידלעך.

מען האָט נישט געהערט פון זייער אַרויסגיין קיין שום קול, מען האָט נישט געהערט קיין שאָרך, אָבער אַלע, צוזאַמען מיט מיר זענען געווען איבערגענומען מיט איין געפיל. וואָס פאַר אַ געפיל דאָס איז געווען קאָן איך נישט זאָגן, יעדנפאַלס איז עס געווען אַ שטאַרק געפיל, וואָס איז באַשטאַנען פון יראת־הכבוד און געבעט.

אַלע האָבן מיר געגלויבט אינם געשטאַלט פון פורפור. אונ־זער גאַנצער גורל איז אָפּהענגיק געווען פון אים; דאָס גע־שטאַלט האָט אונז אָנגעפילט מיט אַ טיף־רעליגיעז פאַר־טרויען.

איך האָב זיך געפֿינען צווישן די פֿאָדערשטע. בעת מיר האָבן זיך דערנענטערט צום טראָן, זענען מיר אַלע געפֿאַלן אויף די קני און טויזנטער, טויזנטער האָבן נאָכגעטון אונזער ביי־שפּיל.

דעמאָלט האָט זיך פֿון טויזנטער אַרויסגעריסן איין געשריי:

— גערעכטיקייט!

אַ גרויס בענקשאַפֿט און פֿאַרלאַנג ד־האָט געקלונגען אין אָט דעם געשריי, אָן אומרו און אויפֿטרייסלענדיקע האָפֿנונג האָט געקלונגען אין דעם געשריי.

דאָס געשטאַלט האָט געשוויגן.

קיין איין פֿאַלד פֿון זיין פּורפּור קלייד האָט נישט קיין ציטער געטון.

נאָך אַ הפסקה פֿון פֿאַרצווייפֿלונג האָט זיך ווידער דער־הערט דער יאָמערנדיקער געשריי:

— גערעכטיקייט!

קיין שום ענטפֿער האָט זיך נישט דערהערט און איך האָב לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטן.

איך האָב געוווּסט, אַז אָט די אַלע מענטשן האָט דאָ אַהער געטריבן אַ פּחד, אַ פּחד פֿאַר עפּעס שרעקלעכס, פֿון וועלכן זיי זענען אַנטלאָפֿן און וואָס וועט זיי באַכאַפּן, אויב מען וועט זיי נישט געבן דאָס, וואָס זיי פֿאָדערן. עס האָט מיך פֿאַרביטערט דאָס שטומע געשטאַלט אין פּורפּור, איך האָב אויפֿגעהויבן אַ האַנט צום מאַנטל און אים אַראָפּגעשלעפּט. דאָ איז צוזאַמען מיטן פּורפּור־מאַנטל אויך אַראָפּגעפֿאַלן די גאָלדענע מאַסקע און מיר האָבן דערזען אַ סקעלעט. דעמאָלט האָט אַ שטים אָנגעהויבן צו רעדן, און מאָדנע, הער דאָקטאָר, עס איז געווען אייער שטים.

אָבער עס איז שוין דאָ מער נישט געווען דער ריזיקער זאַל מיטן געוועלבטן סופֿיט, נאָר אַ געוויינלעכער פֿאַרלעזונגס־זאַל.

איך בין געזעסן מיט אַנדערע סטודענטן אויף אייער פּרעלעקציע.

איר האָט געוויזן אויף דעם סקעלעט, דער פּורפּור-מאַנטל איז געלעגן נעבן אייערע פיס און איר האָט געזאָגט:

— עס איז אַוועק די צייט, ווען דערדאָזיקער ביינערדי־קער מת איז געווען דער גאָט פון משפּט. מיר האָבן פאַרגעסן צו דערנערן אים מיט אונזערע לעבעדיקע נשמות, דעריבער שטייט ער דאָ פאַר אונז ווי אַ סקעלעט. מיר האָבן פאַרגעסן איינצואָטעמען אין זיין פאַרשטאַרטן לייב אַ נייעם גייסט. פון דאַנען קומען די ליידן, ספקות און פאַרצווייפלונג. אַזוי האָט איר געזאָגט מיט אייער געוויינלעך, אַלטעגלעך קול, דאָסדאָזיקע קול קלינגט מיר נאָך אין די אויערן, און איך האָב געוווסט, אַז גאָר־נישט וועט מיר שוין נישט העלפן.

ער איז שטיל געוואָרן.

זיין פּנים האָט געהאַט אויף זיך אַן אויסדרוק פון עפּעס וויזיאָנעריש און גלייכצייטיק עפּעס פאַרלאָשנס. אַזוי ווי לודין איז געזעסן אַ דערדריקטער און אַ שווייגנדיקער געקוקט פאַר זיך, האָט ער געשעפּטשעט:

— דאָס איז נישט געווען קיין חלום. דאָס איז געווען אַזוי ווירקלעך, ווי דער פאַקט, אַז ער זיצט דאָ.

לודין האָט זיך אָנגערופן:

—איך מיין, אַז דאָס איז נישט געווען קיין חלום. חלומות זענען נישט אַזוי אַלעגאָריש, לאָמיר אָננעמען: אַן אמתע זעונג.

אַזעלכע זאַכן האָב איך סוף-כל-סוף געקאָנט זאָגן, אָדער... טראַכטן.

יעדנפאַלס קאָן עס זיין אַן אָנווייזונג, מיטן באַדינג, אַז מען קאָן גלויבן אין דעם תחית-המתים פון דעמדאָזיקן... גאָט.

דאָס זענען מעגלעכקייטן! וואָס זענען, לויט מיין מיינונג באַהאַלטן אין דעם איצט לעבעדיקן גאָט, סיידן ער וועט איבער־רייסן מיט אַלעם, וואָס אַרום אים. אַ צו שווערע זאַך: געדעכ־

טיקייט. אַן אידייע. געזעץ, רעכט — דאָס איז עפּעס אַנדערש. רעכט איז אַ קעגנשטאַנד. זייער אַן ערדישער קעגנשטאַנד. זייער אַ נוציקער.

אָבער ברענגען אין הסכּם די רעכט מיטן געזעץ איז אַ שווערע זאַך, פּונקט ווי אויסגלייכן די שטראָף מיט דעם פאַר־ברעכן.

דאָס געזעץ וויל זיין און דאַרף זיין גוט, און איז אָבער פול מיט סתירות. עס וויל און דאַרף זיין ריין, און איז אָבער פול מיט אומריינקייט.

די שטאַרקע אָנשטרענגונגען צו האָבן רעכט, פאַרניכטעט די מענטשהייט, ווי גאַכלעסיקייט און שוחד. דאָס, וואָס איז געשען, שטעלט זיך פיינטלעך אַנטקעגן דעם, וואָס אַנטשטייט. איך וואָלט מיר געקאָנט פאָרשטעלן אַ צייט, פאַרשטייט זיך, זייער אַ ווייטע צייט, ווען דער באַגריף פון שטראָף האָט גע־קלונגען אַזוי באַרבאַריש און פרעמד, ווי היינט דער באַגריף פון טאָרטורן.

און צו מיר קומען אַ סך, וואָס זוכן רעכט; זייער אַ סך. איך האָב זיי געמוזט טרייסטן; איך האָב זיך נישט דערוועגט צו וואַרפן זיך אויף דעם פּורפּור. איך האָב זיי געמוזט העלפן מיט יורידישע פאָרמולן, דער מענטש געוווינט זיך נישט צו אַזוי שנעל צו קיין שום זאַך, ווי צו אוממאַכט. אָבער אייער זאָרג, אָדער ווי איר וועט עס אַנדערש אָנרופן, האָט געקאָנט זיין אַן אַנ־ווייזונג. צו פאַר מיר — איז אַ פראַגע. פאַר מיר איז עס שוין צו שפּעט.

ער איז אויפגעשטאַנען און טיף אָפּאָטעמענדיק האָט ער צוגעגעבן:

— יעדעס דורכגעפירטע געזעץ איז אייגנטלעך אַ קעגנ־געוויכט צום געפיל פון מענטשלעכן רחמנות פון עפּעס אַ הע־כער וועזן, וואָס רוט אין אונז.

— אָ, האָפנונגסלאָז, — האָט קאָנראַד לאַנץ טרויעריק גע־זאָגט.

— איך קען נישט קיין אַנדער וואָרט, וואָס זאָל דערוועקן מער

האָפנונג — האָט לודין געענטפערט, צווייידייטיק און קעגן זיין ווילן.

דערמיט איז ער אוועקגעגאַנגען, אָננעמענדיק אַ שטומען באַשלוס צו נעמען דעם אומגליקלעכן קעגן זיין ווילן אונטער זיין אויפזיכט.

## L X

אין אַ פערטל שעה שפּעטער האָט ער זיך געפונען אויף דער לאַנגע גאַס, אין הויז נומער 20, ווו עס האָט געוווינט בריגידע האַרטמאַן.

אַזוי ווי ער האָט פאַרגעסן די אַדרעס, האָט ער צוערשט געמוזט אָנקלונגען אין ביורא.

אַ באַדינערין מיט אַ שמוציק אויסזען האָט אים אַריינגע־פירט אין אַ גרויס, ליידיק צימער, וואָס איז גלייכצייטיק גע־ווען אַ סאַלאָן און אַ קינדערצימער, וואָס מען האָט געקאָנט דערקענען לויט די פאַרשידענע שפּיל־זאַכן, גומי־באַלאָנען, ביל־דער־ביכלעך און פאַפּירענע מיצלעך, וועלכע זענען געלעגן אויף די שטולן, געבעטע מיט גרינעם ריפּס, און אויף דעם דינעם דיוואַן.

עס האָט זיך געעפנט אַ טיר. אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן בריגידע האַרטמאַן.

דערקענענדיק דעם גאַסט, האָט זי געטון אַ געשריי און פאַרשוווּנדן.

ערשט אין עטלעכע מינוט אַרום איז זי אַריינגעקומען מיט אַ פאַרביקן שאַל אויף די אַקסלען און אַ קאַמיש זילבערנע באַנד אויף דעם שטערן, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן די האָר.

נאָך צען יאָר פאַרלאָזן האַרטמאַנס דאָרף האָט זי זיך איינ־געלעבט אין די שטאָטישע מנהגים און מאָדע, פאַרשטייט זיך, איינגעלעבט זיך אויף איר אייגענעם אופן.

צעמישונג, שעמעוודיקע פרייד, אומרויקע באוווּנדערונג, און אומריין געוויסן האָבן זיך געמאָלט אויף איר גראָב פּנים.

זי האָט עפּעס געברומט.

זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ פּאָטעל אינמיטן צימער און שנעל אָפּגעווישט מיט דער האַנט די אויבערפלאַך. זי איז צו צום פענצטער, האָט אָפּגערוקט דאָס פּאַרהאַנגל, אַוועקגעשטעלט דעם פּאָטעל אין אַן אַנדער זייט, דערמאָנט עפּעס וועגן קראַנקזיין, וועגן נישט זיין צוגעגרייט, וועגן דער פריער שעה, נישט האָבנדיק די דרייסטקייט צו קוקן אויפן גאַסט. איר געררירטקייט איז געוואַקסן.

ענדלעך האָט זי אומנאַטירלעך הויך געפרעגט, צי קאָן זי דעם דאָקטאָר מיט עפּעס מכבד זיין, אַ קליייניקייט, ברויט מיט פּוטער, אַ גלאָז ווישניק.

דאָס וועט איר פאַרשאַפן די גרעסטע אומאָנגענעמלעכקייטן.

לודין האָט זיך אָנגערופן.

— לאָמיר נישט פאַרלירן די צייט מיט גאָרנישט, ליבע פרוי, איך וועל אייך באַלד דערקלערן די סיבה פון מיין וויזיט. איך ווייס אפילו נישט, צי מען דאַרף דערקלערן. איר האָט אַוודאי געהערט, אָדער געלייענט, וואָס עס איז געשען מיט קאָנראַד לאַנצן.

בריגידעס פּנים האָט געוויזן, אַז זי פאַרשטייט. געוויס, הער דאָקטאָר, געוויס האָט זי געלייענט.

נעכטן אַ גאַנצן טאָג האָט זי דערוועגן גערעדט מיט דער קוזינקע.

זי האָט זיך געפילט, ווי זי וואָלט זיך באַפרייט פון אַ געשפּענסט.

דאָס אומרייִנע געוויסן האָט זיך אויסגעברייטערט. מיט אַ שטראַלנדיקן טריומף האָט זי געקוקט אויף לודינען. און איר, הער דאָקטאָר, וואָס זאָגט דערצו? פעלשן באַנקנאָטן! וואָס פאַר אַ לומפּ. וואָס פאַר אַ טוגעניכטס. האָט זי דען נישט באַלד גע-

זאָגט, אַז דידאָזיקע מענטשן וועלן שלעכט ענדיקן? זי האָט אַ חוש־הריח, זי קאָן זיך אויף אָט דעם מין מענטשן; קיינער וועט אין דעם פּרט איר נישט פאַרבלענדן די אויגן. איצט האָט זיך אַלץ אויפגעדעקט.

איצט שטייט זי אַ ריינע פאַרן דאָקטאָר. איצט וועט דער דאָקטאָר פאַרשטיין וויפיל ביטערע עוולות מען איז באַגאַנגען קעגן איר.

זי איז גליקלעך. זי איז אומגעווײנלעך גליקלעך. זי וואָלט געקאָנט וויינען פון פרייד. דאָס זעט אויס אַ ביסל גרויזאַם.

מען דאַרף דרך־ארץ האָבן פאַר אַ פרעמדן אומגליק, אָבער איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן — גאָט און אַלע הייליקע אַ דאַנק — ווער זיי זענען.

אַ ליכט וועט זי שטעלן אין דער קירך, הגם זי געהערט נישט צו די פּרומסטע.

אַזוי ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז אומשולדיק, דאַרף מען נישט נעמען פאַר אומגוט איר פריילעכקייט. וואָס זאָגט דערצו דער הער דאָקטאָר?

דער שטראָם ווערטער איז אָפּגעשטאָרבן. די הענט, וואָס זענען ביז איצט געווען אָנגעשפּאַרט אין די לענדן, זענען איר אַראָפּגעפאַלן.

דער בליק האָט געבלאָנדזשעט אין די ווינקלען פון צימער, האָט זיך אומגעקערט בגנבה, ווידער אַנטלאָפן, נישט געפינענדיק אין ערגעץ קיין שטיץ־פּונקט, און נישט דרייסט און פּחדנותדיק זיך געקלאַמערט אָן די בליקן פונם גאַסט.

לודין האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף אירע אָרעמס. מער גאָרנישט. ער האָט געקוקט אויף איר. מער גאָרנישט.

זיין פּנים האָט געהאַט אַן אויסדרוק פון טיפן, ווייטיקלעכן ערנסט.

דער דרוק און די משא פון זיינע הענט האָבן אויסגע־

ווייזן צו האָבן אויף בריגידען אַ צעשמעטערנדיקן איינ־דרוק.

מיר וועלן זיך נישט רוקן צו ווייט, אויב מיר וועלן זי אָננעמען אַלס פולשטענדיק אַנטוואָפּטנע און איבערוועלטיקטע, ווען מיר וועלן אַרויס פון נשמה־געביט און אַריין אינם געביט פון די חושים.

— צי האָט איר אַרויסגעגעבנדיק דעם טעסטאַמענט פון אייער כאַנס שוייב־טיש, — האָט לודין געזאָגט מיט אַ שעפּטשנ־דיק קול, — זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז מיט אייער טאַט מאַכט איר אַ תל פון דער בירגערלעכער עקזיסטענץ פון צוויי מענטשן, אַ מאַמע און אַ קינד?

בריגידעס פּנים איז געל געוואָרן ווי אַ שטרוי.

— איך... איך... איך... — האָט זי געקרעכצט שעפּטשנ־דיק, נישט קאָנענדיק אַרויסרעדן קיין וואָרט.

— און אויב איר זענט שוין געווען אויף אַזויפיל שטאַרק אָדער טעמפּ, כדי צו קאָנען גרינגשעצן דעם טעסטאַמענט — ווי אַזוי האָט איר געהאַט מוט צו קומען צו מיר און צו פאָ־דערן מיין הילף?

— איך... איך... איך... — האָט די פרוי געזיפצט און די געלקייט האָט זיך אויך אַריינגעגנבעט אין אירע אויגן.

— דאָס פאַרברעכן קאָן מען נישט פאַרבעסערן, אָבער מען קאָן תשובה טון, — האָט לודין געזאָגט און זיינע הענט האָבן אַראָפּגעשווערט ווי מיל־שטיינער אויף די אַקסלען פון דער פרוי — איך פריי זיך, וואָס איר ווילט, אַז מען זאָל אייך אָנער־קענען און האַלטן פאַר אַ מענטשלעך וועזן, ווי אַלע אַנדערע, בריגידע הארטמאַן. עס דאַכט זיך מיר אַזוי.איך וויל אייך ווייזן אַ וועג, אויף וועלכן איר דאַרפט גיין, כדי אויסצוזען פאַר מיר און פאַר זיך אַליין ווי אַ פרוי, וואָס וויל געניסן פון אַכטונג פון דער וועלט.

בריגידע הארטמאַן האָט וואַרשיינלעך אַזעלכע ווערטער צום ערשטן מאָל געהערט אין איר לעבן. מען קאָן אָננעמען, אַז דאָס, וואָס זי האָט מיט איינמאָל אַזוי אויסגעזען צוזאַמענ־

בראָכן, אויף וועלכן עס האָט עדות געזאָגט דער אויסדרוק פון צעמישונג אויף איר פּנים און די גאַנצע האַלטונג אירע איז גע-קומען אונטער דער ווירקונג פון דער מאָראַלישער קראַפט פון זיינע ווערטער, וועלכע האָבן זיך געשיט אויף איר.

זיינע רייד האָבן ביי איר אויך פאַרטריבן די היסטעריע פון טרוימעריי.

— וואָס דאַרף איך טון, הער דאָקטאָר, — האָט זי גע-שעפּטשעט, — וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר? איך וועל אַלץ טון...

— איך פאָדער, אַז די ירושה פון אייער מאַן זאָל פאַר-טיילט ווערן צווישן אייך און קאַראָלינע לאַנץ. עס איז אַ גע-רעכטע פאָדערונג, דאַכט זיך מיר. אין מיין אָנוועזנהייט וועט איר שרייבן צו דער באַנק, מען זאָל אַ געהעריקע סומע איבער-געבן אין מיין קאַנצעלאַריע. דאָס אַראָפּנעמען דעם ערעסט וועט נאָך געשען היינט. דעם בריוו וועל איך אייך דיק-טירן.

ער האָט פון פּאָרטפעל, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, אַרויסגענומען אַן אייביקע פעדער און אַ בויגן שרייב-פּאַפּיר. מיט דער געהאָרכזאַמקייט פון אַ מאַריאָנעטקע האָט זיך בריגידע האַרטמאַן געזעצט צום טיש, גענומען די פעדער און מיט אַ ציטערדיקער האַנט געשריבן, וואָס ער האָט געהייסן. ווען זי האָט אַרויפגעלייגט איר אונטערשריפט, האָט לודין צונויפגעלייגט דאָס פּאַפּיר, באַהאַלטן עס אין קעשענע און פאַרגייענדיק זיך, ווי ער וואָלט זיך געזעגנט מיט אַ דאַמע פון דער געזעלשאַפט, האָט ער געזאָגט:

— דאָס איז אפשר געווען דער לעצטער עפּיזאָד פון אונ-זער קאַנטשאַפט, פרוי האַרטמאַן, און מיר האָבן צו גראַטולירן זיך איינער דעם אַנדערן, וואָס אונזערע באַציונגען האָבן זיך געענדיקט אויף אַזאַ אופן. איך געזעגן אייך.

דיזאָזיקע פעדאַנטישע און איידל-אַרויסגערעדטע ווערטער ווען געווען אַ מין אַקט פון גנאָד, וואָס עס האָט געמוזט אָנווענדן דער דערשעפּטער מענטש, ווילנדיק נאָכקומען די אוי-

סערלעכע פאָרם.

בריגידע האַרטמאַן האָט געקוקט אויף אים מיט גלעזערנע, פאַרחידושטע אויגן.

זי האָט געהערט דעם שטום־ווערנדיקן עכאָ פון זיינע טריט, דערנאָך איז זי אויסגעבראָכן אין אַ קורץ, עטוואָס משוגע־קלינגענדיק געלעכטער, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ קוואַקען פון אַ הון און אַוועקגעפאַלן אויף דער שטול.

נישט געקוקט, וואָס ער איז געווען פאַרמאַטערט, האָט לודין געפונען נאָך כוח צו טון נאָך אַ זאַך, וואָס האָט געוואַרט אויף אים דעמזעלבן טאָג און וואָס האָט אים אויסגעוויזן פאַר נישט געווונטשן אָפּצולייגן.

ער האָט בלי־ספק געקאָנט אויסקלויבן אַן אַנדער פאָרם, כדי צו דערגרייכן דעם ציל, וואָס ער האָט געהאַט פאַר די אויגן, און פון וועלכן ער האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָפּגעגעבן קיין גענויגנדיקן חשבון.

אַ ווייניקער עפנטלעכע פאָרם, אַ ווייניקער פּראָוואָצירנדיקע, וואָס וואָלט ווייניקער געקאָנט ברענגען אַן אָפּזאָג. זייענדיק אין אַ רויִקערער שטימונג וואָלט ער געקאָנט איבערקלערן די ספקות, צוליב וועלכע ער וואָלט נישט געקאָנט פאַרטיידיקן זיינע בעסטע פריינט.

מען האָט דעמאָלט אַ סך גערעדט און געשריבן וועגן דעמדאָזיקן געשעעניש. שוין דאָס אַליין, וואָס אַ באַרימטער און זייער טעטיקער אַדוואָקאַט און אין טאָג פון פּראָצעס האָט זיך אָפּגעזאָגט אין געריכט צו פאַרטיידיקן זיין קליענט. דאָס געשעעניש איז געווען אַקטועל.

אויך אין רוים האָט פּאַסירט פּונקט אַזאַ ענלעכער פאַל. אויך דאָרט האָט דער פאַרטיידיקער אַ באַרימטער און גרויסער אַדוואָקאַט דערקלערט אין דער לעצטער מינוט, אַז ער פילט זיך נישט פעיק צו פאַרטרעטן די אינטערעסן פון זיין קליענט, ווייל נאָכדעם, ווי ער האָט נאָכאַמאָל פלייסיק דורכגעקוקט די אַקטן און נאָכדעם, ווי ער האָט זיך באַראָטן מיט זיין געוויסן, קאָן ער

נישט פאַרטיידיקן מיט אַזאַ איבערצייגונג, ווי ער מוז פאָדערן פון זיך און דער קליענט פון אים.

אין דערזעלבער צייט און אומאָפּהענגיק פון דעמדאָזיקן פאַל האָט אויף זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט אַ פּיעסע, וואָס איז געשפּילט געוואָרן אין פיל טעאַטערן אין לאַנד און אין אויסלאַנד, אַ פּיעסע, אין וועלכער דערזעלבער גייסטיק־פּסיכישער קאָנפליקט איז געשטעלט געוואָרן אַלס פּראָבלעם.

דער אָביעקט פון אַלגעמיינע חקירות איז געווען די פראַגע, צי אַן אַדוואָקאַט האָט פון מענטשלעכן און פּראָפעסיאָנעלן שטאַנדפּונקט דאָס רעכט אַזוי צו האַנדלען, בפרט אין מאָמענט, ווען דער פּראָצעס איז שוין אָנגעהויבן.

הגם, דער פּראָצעס, פון וועלכן לודין האָט זיך צוריקגעצויגן אין דער לעצטער מינוט, איז נישט געווען אַזאַ סענסאַציאָנעלער, — עס איז בלויז געווען אַ מחלוקה וועגן אַ ירושה און אַ טעסטאַמענט, — האָט דאָך זיין אומגעריכטער טעאַטראַלער אָפּזאָג, אַזוי האָט מען עס אָנגערופן, אַרויסגערופן אַ טומל אין דער עפנטלעכקייט.

אַ טייל האָט זיך אַרויסגעזאָגט מיט אויפרעגונג וועגן דעם אומדערהערטן פאַל און אַן אַנדערער טייל האָט סתם אויסגעדרוקט זיין פאַרוווּנדערונג; מען האָט דערביי פאַרמישט די פאַרשידענע נישט־בכבודע קלאַנגען, וואָס האָבן שוין לאַנג קורסירט וועגן לודינען און וואָס זענען איצט אַרויסגעקראָכן פון די באַהעלטענישן, ווי ווערעם פון אַן איינגעפאַלן הויז; דערנאָך האָט זי אויך דערמיט פאַרנומען די אַדוואָקאַטן־קאַמער, וואָס האָט אין צוזאַמענהאַנג אָנגענומען פאַרשידענע באַשלוסן און פאַרשריפטן.

בלויז לודין אַליין האָט נישט געוווּסט פון די פאָלגן פון זיין טאַט. בעת ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, האָט ער נישט קיין סך געטראַכט דערוועגן.

ער האָט אפשר נאָך קיינמאָל נישט אַזוי געהאַנדלט אונטער דעם איינפלוס פון זיין אָנגעשטרענגטן מוט. עס איז געווען ווי אַ נישט־פאַרענדערלעכע באַוועגונג פון אַ מעכאַניזם, וואָס האָט זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט, ווייל די ספרונזשינע האָט שוין

דערפילט איר באַשטימטע אויפגאַבע.

עס איז אים נישט געגאַנגען וועגן דעם, וואָס וועט אויפן פּראָצעס באַהאַנדלט ווערן; דער שטרייט צווישן אַלטאַכער און ערנעפֿאָלדט האָט אים איצט נישט אינטערעסירט; אינטערעסירט האָט אים די סצענע; ווי ער וועט פֿאַרטיידיקן; די געריכטס-געביידע האָט אים אָנגעפֿילט מיט אומעטיקע דעראינערונגען. די לופט, פֿול מיט שטויב און שימל פֿאַראַליזירט דעם אויפשוווּנג פֿון געדאַנק, דעם ריינעם ווילן.

וויפֿיל מאָל זיינע בליקן האָבן זיך געגליטשט אויף די נו-מערן פֿון די טירן, אויף די פּלאַקאַטן אויף די קאָרידאָר-ווענט, האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס אַלץ איז שוין אַלט און לאַנגע יאָרן אָפּגעלעבט און חזרט זיך האָפֿנונגסלאָז איבער.

אין די האַלב-פֿינצטערע קאָרידאָרן זיצן שטיל די צדדים, זיי זיצן נעדולדיק, באַשיידן, רעזיגנירט. עס דאַכט זיך, ווי די-דאָזיקע לייט וואָלטן זיך דאָ אויסגעקליבן אַ וווינונג, כדי צו וואַרטן, בלויז דערפֿאַר, כדי צו וואַרטן.

עס זעט אויס ווי דער פּרוזדור צום גהינום, אַ גהינום פֿון וואַרטן. דאָס וואַרטן רופֿט אַרויס אויף זייערע פּנימער אַ ספּע-ציעלן אויסדרוק פֿון ביטערקייט; די דאָזיקע ביטערקייט זעט מען אויף אַלע; זיי זענען פֿאַרמאַטערט פֿון וואַרטן, זיי זענען גע-וואָרן גלייכגילטיק און געפֿילאָז.

וואַרטן איז זייער גורל. זיי קוקן אויף די נומערן, אויפֿן נומער זיבעצן, אָדער פֿיראונצוואַנציקסטן נומער (דער לעצטער נומער זעט אויס, ווי אַ זקנה, וואָס וויל זיך זעצן אויף אַ שטול,) אויף די נעמען פֿון די רעפֿערענטן, סעקרעטאַרן, ריכטער, אויף די באַקאַנטמאַכונגען און אויפֿשריפֿטן, און זייער פֿאַנטאַזיע און לעבנס-פֿרייד שטאַרבט איינציקווייז אָפּ.

לודינען דאַכט זיך, ווי ער וואָלט געגאַנגען דורך אַ שפּאַ-לער פֿון קליענטן און קליענטקעס; אַ קייט אָן אַ סוף אַלע האָבן זיך פֿאַרזאַמלט, ווי צו אַ מאַניפֿעסטאַציע; זיי שטייען ווי שאָטנס, ער אַליין גייט אַדורך ווי אַ שאָטן. אַלע קוקן אויף אים מיט אַ דערוואַרטנדיקער מינע; אַלע פֿאָדערן פֿון אים ער זאָל אויפֿ-

גלייכן זייערע לעבנס, ער זאָל זיי געבן גערעכטיקייט.

ער איז נישט קיין ריכטער; ער האָט נישט קיין מאַכט איבערן געזעץ. ער באַהאַלט נישט פאַר זיי זיין אוממעכטיקייט, אומפעיקייט אַלס פאַרמיטלער און מעקלער; אָבער זיי שאָקלען מיט די קעפּ און זענען ביי דער מיינונג, אַז פאַר זיי, דאָס הייסט פאַר יעדן באַזונדער, קאָן ער טון אַ סך, ענדערן, דער־נענטערן דעם אויסלייזנדיקן אורטייל.

זייערע פרעכע אילוזיעס אַרן אים, דאָס איבערחזרן טויזנט מאָל די פאָדערונגען דערעסט אים. ער איז נישט געקוקט דע־רויף, העפלעך, גרייט צו העלפן; ער ווייסט די וועגן אַרויסצו־גיין, ווייל זיי וואַרטן, וואַרטן, צו וואָס? זיי וואַרטן און אין צימער נומער צוואַנציק באַוועגט זיך אַ פוילע מאַסע. פּאַפּירן, אַ סך פּאַפּירן, ווערן איבערגעקוקט, מענטשלעכע לײדן ווערן רע־גיסטרירט, אות נאָך אות.

מען קאָן מיינען, אַז די מלאכים אין הימל און טייוולאָ־נים אין גהינום טוען נישט עפּעס אַנדערש, נאָר זיי וואַרטן, בעת די נשמות בעטן מען זאָל זיי אַריינלאָזן, און דאָ פּרעגלען זיי זיך אין פייערדיקע קעסלען.

איז דאָס דען אַלץ, וואָס ער האָט אויפגעטון זיבט צוואַנ־ציק יאָר? ער האָט געוואַרט מיט לייט, וואָס וואַרטן? און דער־פאַר האָט ער אַ געזיכערטע הכנסה, ווערט־פּאַפּירן אין באַנק, אַ ווילע און אַן אויטאָמאָביל, אַכטונג און אַ געדראַנג פון קליענטן?

עס פּאַסט נישט צו פאַרדינען געלט מיט אַ שלעכט פּע־לערהאַפטן, האַלב־גערעכטיק און אומגערעכטיק געזעץ. הגם ער רימט זיך, אַז ער האָט אומבאַוווסטזיניקע און שוצלאָזע פּאַרטיי־דיקט מיטן בעסטן ווילן קעגן די גלוסטונגען און מיסברויכן פון ליימענע כּוחות, איז ער דאָך אַליין געווען צופיל קרבן, ער זאָל ווייטער זיך קאָנען געפינען אין דערזעלבער סביבה, נישט פילנ־דיק זיך, ווי ער וואָלט אָנגערירט די אָנשטענדיקייט.

וווהין גייט עס?

ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט, אַז אין אַן אָרט פון קאָ־

רידאָר, צווישן זעקסאונזעכציקסטען און פיראונצוואַנציקסטן נומער צאַ מאָדנע זאַך, דווקא דידאָזיקע אומבאַדייטנדיקע, ווערטלאָזע דערמאָנונג האָט זיך אים איינגעקריצט אין זכּרון) אויף דעמזעלבן אָרט איז מיט אַכט, אָדער ניין יאָר צוריק איינער פון די קלי־ענטן צוגעקומען צו אים אַן אויפגערעגטער און געזאָגט:

— גיט צו פאַרשטיין דעם ריכטער, אַז נישט קיין שום אַנדערע זאַך, נאָר דווקא דאָס האָט מיר צעבראָכן מיין לעבן און מיין גליק, נאָר דאָס: אַראָפּגעלאָזטע זאָקן. פאַר דער וועלט איז זי געווען אַ מאָדערנע דאַמע; זי האָט געטראָגן בלויז די פרישסטע פּאַריזער טואַלעטן; אין דער היים איז זי אָבער גע־גאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע זאָקן. איך קאָן עס לגמרי נישט אי־בערטראָגן, איך וועל ווערן משוגע, אויב איך וועל דערזען די זאָקן, וואָס זענען איר אַראָפּגעלאָזט אויף די פיס.

געוויס האָט מען אָפּגעזאָגט דעמדאָזיקן מענטשס ביטע וועגן אַ גט. מעגלעך, אַז ער איז שטענדיק געווען אַ משוגענער — ער האָט נישט געקאָנט אָנגעבן קיין אַנדער סיבה פון זיין קרענקלעכן עקל צו דער פרוי; אָבער אין אַ טאָג אַרום האָט ער זיך דערשאָסן; צוליב די אַראָפּגעלאָזטע זאָקן. אָבער זאָקן זענען ב״ויז אַ סימן פון אַ סך נאַרישקייטן און לעכערלעכקייטן, צוליב וועלכע דאָס לעבן און די פרייהייט גייט פאַרלוירן, פונקט ווי פון שווינדל און מאָרד, וואָס איז אָפיציעל אָנערקענט אַלס טראַגעדיע.

ער פאַרמאָגט גאָרנישט, אַ חוץ דידאָזיקע פאַקטן און די מפּלות פון דיזעלבע פאַקטן אין דער ברוטאַלער ווירקלעכקייט. ער האָט אַ סך געטון און גאָרנישט אויפגעטון. כּוונות האָט ער געהאַט עטלעכע, רעזולטאַטן שוואַכע; שטענדיק בלויז טיילווייזע קיינמאָל נישט קיין גאַנצע; ער האָט געזאַמלט פּורפּור פאַר פּראָ־זעליטן און באַהאַלטן אונטער איר אַ סקעלעט; ווייל ווער, אויב נישט ער, האָט געדאַרפט וויסן, אַז אַ סקעלעט באַהאַלט זיך אונ־טער איר, (מען קאָן זען, ווי ער האָט זיך צוגענומען אַ וויזיע, וואָס איז דערוועקט געוואָרן דורך אַן אייגענער איבערלעבונג.) אַזוי האָט דער גורל געגעדט צו דער דימענטערער לאָגיק, הייסנ־

דיק צעשמעטערן דעם קאָפּ און דאָס האַרץ אָן דעם מענטשלעכן ליגנט און ברענגענדיק דערצו, אַז די אין אים גיפטיק-בליענדיקע מגפה, וואָס האָט קערפּערלעך דערשלאָגן דעם יונגערמאַן, וועלכער איז געגאַנגען אַרויף אין דער הויך, האָט אויך אים, וואָס איז געגאַנגען אַראָפּ, צעפרעסן דעם גייסט און פאַרפינצטערט דעם וועג אויף דורות.

דער אורטייל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן און איז אַריין אין קראַפט.

זיין טרויער איז געווען טיף ווי אַ ברונעם; ער האָט דערגרייכט וואָס-אַמאָל טיפער און טיפער, אַזש דאָרט, וווּ עס איז שוין עפעס אַנדערש מער נישטאָ, אַ חוץ דער שוואַרצער טויט.

בעת ער איז געשטאַנען נעבן אַדוואָקאַטן-טיש, מיט אַן אויסגעגלייכטן גוף אויפן מיליטערישן אופן, מיט אַ פּנים, בלייך ווי אַ גיפּס-מאַסקע, און מיטגעטיילט זיין באַשלוס, האָט זיך געדאַכט, אַז ער רעדט נישט צום געריכט, נאָר בלויז צו דאַוויד קאַרקעוועץ, וואָס איז געשטאַנען קעגן איבער אים אַ טריומפירנדיקער און אַ שטאַרקער, פּונקט, ווי איבעררייסן מיט דעם פּראָצעס וואָלט באמת נישט געווען עפעס אַנדערש, ווי איבעררייסן מיט אים און אַרום אים.

מאַיאַ ערנעפעלדט איז נישט געקומען. בערנט ערנעפעלדט האָט מען נישט געקאָנט ברענגען אַפילו מיט אַ געריכטלעכער אויפפאָדערונג.

נישט ווייט פון קאַרקעוועצן איז געזעסן קאָנסטאַנציע אַלטאַכער אין אַ שוואַרץ קלייד און מיט אַ שוואַרצן וועלאָן איבערן שטערן, צוקוקנדיק זיך צו לודינען מיט גרויסע, צודרייגלעפטע, אומרויקע, זיגערישע אויגן פון אַ מאַרטירערין. אָט איז אַ פאַרקערפּערטער פּענאָמען: גאווה, גאווה פון ליידן, אַ גאווה, וואָס האָט זיך אַליין געצערטלט, פאַרפירט מענטשן, אַן אייגנליבע, וואָס זייעט שנאה, פאַרפירט מענטשן, גענאַרט פעלקער, גאווה אָן אויגן, אָן שפּיגל, אָן שטראַלן, אַ גאווה, וואָס מען קאָן נישט אונטערדריקן, וואָס טריומפירט אויף דער ערד; אייגנ-

ליבע, וואָס איז איצט מער געוואַקסן, צוליב לודינס באַשלוס.

דאָ האָט געקאָנט זיין דער זיגער נאָר דער באַזיגטער.

ער איז געפאָרן אַהיים, דאָס הייסט צו דער וווינונג פון פרוי דאמראָש און אין היץ זיך געלייגט אויפן בעט. עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַהאַלטן זיין מצב פאַר דער באַלע-באָסטע.

אין אָוונט, זייער שפּעט, בעת דער בלייערנער דעמערונג האָט זיך צונויפגעמישט מיט אַ פּוסט טרוימען, האָט מען פאָר-זיכטיק אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

עס איז געווען פּיאַ, וואָס איז געקומען פון פרוינדאָרפערן.

אַ גאַנצן פֿאַרמיטיק האָט זי זיך אָן אָפּרו אַרומגעדרייט פֿון איין צימער אין צווייטן.

דאָס איז געווען אַ מין אַליין זיך אויפֿטרייסלען; זי האָט זיך באַטראַכט און זיך איינגעקוקט.

אפֿשר האָט זי איבערגעציילט, וויפֿיל לעבן און פֿרייהייט האָבן איר צוגענומען אָט די שטובן און די זאַכן, וואָס האָבן זיך אין זיי געפֿונען; אפֿשר האָט זי זיך באַמיט צו דערגיין, צי זי האָט נישט אַמאָל צופֿיל געגעבן, און אפֿשר האָט זי שוין געוווּסט, אַז צופֿיל און זי האָט געמאָסטן, אָפּגעשאַצט, זיך געוווּנדערט און באַדויערט, ווי זי וואָלט געזאָגט: איצט איז שוין גענוג, מיר וועלן אָנהויבן פֿון עפּעס אַנדערש.

זי איז אַפֿילו געווען אין קעלער, אויפֿן בוידעם און אין דער גראַטעס-שטוב און זיך געוווּנדערט איבער דער גרויסער צאָל טויטע זאַכן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפֿונען.

עס האָט זיך איר געדאַכט, ווי יעדע פּרוי וואָלט געטראָגן אויף אירע פּלייצעס דידאָזיקע מאַסע פֿון אַוועקגעוואָרפֿענע, נישט-נויטיקע, פֿאַרשימלטע זאַכן, וואָס וואַרטן מען זאָל זיי נאָך ווען עס איז אַמאָל געברויכן.

זי האָט נישט דערפֿילט דידאָזיקע מאַסע, וואָס האָט זיך פֿאַרגרעסערט אויף אַזאַ כיטרען אופֿן, אָבער אין איינעם אַ טאָג האָט זי זיך געבראָכן אונטער דער מאַסע; שטיל, באַשיידן און פֿאַרחידושט האָט זי זיך גענומען שטיקן אונטער דער לאַסט פֿון אַזעלכע נוצלאָזע און נאַרישע גראַטעס, ווי למשל: אַ קעסטל אָנגעפּאַקט מיט צייטונגען, צעבראָכן שפּילצייג, רעמלעך פֿון

פאָטאָגראַפיעס, צעבראָכענע פאָרצעלאַן-כּלים און געלעכערטע טינטאָרנס, טישלעך מיט דריי פיס, ליאַלקעס אָן קעפּ, קליאָשן פון לאָמפּן, אויסגעדינטע רייזע-קופערס, אַלטע קאַלענדאַרן, צעריסענע בוקעטן, פּוסטע פּאַסלעך, אָפּגעטראָגענע אַנצוגן, בענדער און קאַפּעס צעפּרעסן פון מאָלן, מעבל-שטיקער צעשטויבט און פול מיט ווערעם, און האַלבע שפּיגלען.

דאָס אַלץ האָט אַמאָל געהאַט זיין געגנוואַרט, זיין פּאָדערונג, זיין שפּראַך, און היינט איז עס אַ טרויעריקע, נישטיקע לאַסט, אַ בית-עלמין, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַן אומווירדיק געפּיל פון אַ הוב, וואָס מען קומט ווען; פּונקט ווי דאָס פלעגן סקעלעטן וואָלט געווען אַ געשלאָסענער קאָנטראַקט צווישן די זאַכן, ווי די אַלטע גראַטעס וואָלטן געקאָנט אויפשטיין און דינען צו נייע פרייד און נייעם נוצן, פּונקט ווי אויפן הימל וואָלטן נישט געווען קיין שטערן.

אין די גאַנצע צייט האָט זיך רעלי כּסדר נאָכגעגליטשט נאָך דער מוטער.

זי האָט געהאַט אַ פרייען טאָג און האָט אויפגעוויזן, אַז זי האָט געענדיקט די שול-אַרבעטן.

זי האָט זיך אַרומגעדרייט, אַמאָל דאָ און אַמאָל דאָרט, אָבער שטענדיק נאָענט צו פּיאַן.

זי האָט זיך אָבער נישט דערוועגט צו שטעלן איר אַ פראַגע, בלויז פון צייט צו צייט האָט זי זי אַרומגענומען מיט אַן אויספאָרשנדיקן בליק.

— דו וואָלסט, רעלי, געקאָנט פאַרנעמען זיך מיט עפּעס קלוגערס, — האָט פּיאַ זיך אָנגערופן.

— קלוגערס? — האָט רעלי געענטפערט מיט ספקות אין קול; — פאַר מיר זענען שוין נישטאָ קיין סך קלוגע זאַכן און די שיינע זענען אָפּט זייער שיין.

אין אָוונט ביים טיש האָט זי געקוקט אויפן פאָטערס שטול, איז פלוצלונג בלייך געוואָרן אויפן פּנים און געזאָגט, שטיקנדיק זיך מיט די קאַרטאָפל, ווי זי וואָלט גענומען אַ צו הייסע אין מויל אַריין:

— שוין אַ גאַנצע וואָך, ווי איך טראַכט וועגן פאָטער, איך האָב אַ געפיל, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן.

זי האָט זיך צעהוסט; מאַרלינע ווידער, וואָס האָט אַ פאַרדאַגהטע און אַביסל רוי געקוקט אויפן טעלער, האָט איר אַ קלאַפּ געטון אויפן אַקסל, ווי זי וואָלט איר דערמיטג עמאַכט אַ פאָרוווּרף און געוויזן איר העכערקייט.

מאַרלינע האָט פאַרמאָגט אַ קריסטאָל־ריין געפיל פון הערקלעכקייט און ,זי האָט די פאָרגעפילן נישט געגעבן מער אָרט אין איר נשמה, וויפיל עס האָט דערלויבט אַן איבערגע־לעבט בילד, אָדער אַ באַטראַכטע טאַט.

די שוועסטערן האָבן זיך געזעגנט מיט דער מוטער אויף איבער נאַכט און אין עטלעכע מינוט שפּעטער האָט זיך רעלי נאָכאַמאָל אַריינגעגליטשט אין צימער, זי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טיר מיט אַראָפּגעלאָזטע אַקסלען און פּלוצלינג אויס־געבראָכן אין אַ געוויין, וואַרפנדיק זיך פּיאַן אויפן האַלז.

פּיאַ האָט זיך דערשראָקן און שטאָלץ אינסטינקטיוו צו־ריקגעצויגן. און גענומען באַרויִקן דאָס אויפגערעגטע קינד, אָבער רעלי האָט זיך באַהערשט, מיט די הענט זיך אָפּגעווישט דאָס נאַסע פּנים און אויסדרייענדיק זיך, האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן פון העלדישער פאַרזיכערונג:

— פאַרגעס נישט וועגן איינס, מאַמע: דו קאָנסט אין יעדן פאַל שטיצן זיך אויף מיר.

אין אַ האַלבע שעה אַרום — עס איז שוין געווען דריי־פערטל אויף ניין — האָט פּיאַ זיך אָנגעטון אַוועקצוגיין. זי האָט פאַרלאָזט דאָס הויז און אַדורכגייענדיק עטלעכע פּוסטע גאַסן פון דער פאָרשטאָט איז זי אָנגעקומען צו אַ טראַמוויי־סטאַציע, און, איינגעקלעמט צווישן שכורים, וואָס זענען געקומען פון וויין־שענקען, איז זי צוגעפאָרן צו דער פאָרטיפיקאַציע, פון וואַנען זי האָט געהאַט עטלעכע הונדערט טריט צו פּרויג־דאָרפערס הויז.

אַזוי ווי דער וויזיט האָט זי געמאַכט נאָך אַ פעסטן באַ־שלוס, האָט נישט איר טראָט און נישט קיין מינע אויפן פּנים

אַרויסגעוויזן וועלכן עס איז ספק אָדער אומרו

זי איז אַריינגעפירט געוואָרן אין אַרבעטס־צימער, ווו עס האָט געהערשט אַ גרויסע אומאָרדנונג.

פּרוינדאָרפּער האָט זי צערעמאָניאַל באַגריסט און מרדז־שחורהדיק געשוויגן, הער שמידט האָט זי אָנגענומען אַלס וויי־ניק באַקאַנטן מענטש, אָבער מיט אַ נישט פרעמדן ריח, און ער האָט דעריבער נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ באַציִונג ער זאָל האָבן צו איר.

פּרוינדאָרפּער האָט געשטעקט אין דעם שמוציקן, באַ־פלעקטן, פעטס־פאַרשמירטן שלאָפראָק, וואָס האָט אָפּמעקנדיק די פאָרמען פון זיין גוף, אים ענלעך געמאַכט צו אַ האָריקן מאַ־טראַץ.

זיין פּנים איז אויך געווען שמוציק, אומעטיק, פול מיט פיינטלעכע ציטערדיקע קנייטשלעך.

דעם שטערן האָט ער געהאַט אַרומגעוויקלט מיט אַ ווייס טיכל.

ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נערוון־שמערצן אין קאָפּ; צוויי ווייסע עקן פון טוך האָבן אַרויסגעשטאַרט פון די קופּעס האָר, וואָס האָבן געהאַט דעם קאָליר פון היי, ווי צוויי זעגלען, וועלכע זענען אַריינגעפלאָכטן געוואָרן אין אַ נעץ.

פיאַ האָט איינגעפונען, אַז ער זעט אויס אומגעוויינלעך אַלט.

זי האָט זיך לכתּחילה דערשראָקן און שפּעטער איז איר שווער אָנגעקומען אַרויסצורעדן איר פּשוטע און פאַרשטענדלע־כע בקשה.

פּרוינדאָרפּער האָט זיך נישט געלאָזט בעטן. ער האָט איר דערציילט לודינס לעצטע עטאַפּן.

ער האָט דערציילט אומברחמנותדיק און שטרענג און איז אָפּט אַריינגעפאַלן אין אַ טאָן פון חוזק.

בעתן דערציילן האָט ער געגעבן אַ בילד פון לודינס מאָראַלישן און גייסטיקן מצב.

ער האָט גערעדט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן

געבן אַ געגויע כאַראַקטעריסטיק פון אַ היסטאָרישער פיגור. ער איז געווען אומברחמנותדיק צו זיך אַליין, צי דעם וועגן וועלכן ער האָט דערציילט, און צו דער צוהערערין.

עטלעכע מאָל האָט ער זיך טומלענדיק צעלאַכט און זיך געוועגדט נאָך אַ הסכמה צו הער שמידט יעדעס מאָל, ווען ער האָט באַנוצט אַ שאַרף און קנאַקנדיק וואָרט.

פיאַן איז געוואָרן הייס און קאַלט בעת דעמדאָזיקן אומ־ברחמנותדיקן און קאַלטן אַנאַליז, וואָס איז אין תוך געגומען געווען אַ מין צעפּלייסן זיך אַליין און עס איז אים שווער אָנגעקומען צו קאָנען איינהאַלטן דעם אויסברוך פון פאַרצווייפ־לונג אָדער דעם ווייטיק, וואָס האָט זיך ביז איצט נאָך נישט אויסגעהיילט, און וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט קאָנען אויסהיילן, צוליב דעם טויט פון זיין זון.

צום סוף האָט ער געענדערט דעם טאָן און קאַלט און געגוי בעשילדערט דאָס געשעעניש פון דער לעצטער נאַכט.

נאָך אַ לענגערע פּויזע פון שווייגן האָט פיאַ געשעפּ־טשעט:

— יאָ, דאָס איז ערגער, ווי איך האָב גערעכנט.

— איך גלויב אייך — האָט פּרווינדאָרפער טרוקן צוגע־שטימט — עס דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז אַ קרענק, פון וועל־כער מען היילט זיך שוין נישט אויס.

פיאַ האָט אַ ציטער געטון.

— ניין, — האָט זי דערנאָך געזאָגט מיט אַ מאָדנעם שוואַכן צעשטרייטן שמייכל, — איך האַלט נישט אַזוי. איך האַלט נישט אַז דאָס איז אַן אומהיילבאַרע קרענק.

— ווי איינער האַלט, פרוי פיאַ, — האָט פּרווינדאָרפער רוי געזאָגט — אַנטקעגנשטעלן זיך פּרוּוען האָט ער שטענדיק געהאַלטן פאַר אַ נישט יושרדיקע זאַך, — וואָס שייך אונזער דיסקאָלאָס — בין איך אין ספק. ער איז איינער פון די, וואָס גייען אָן טעות שריט נאָך שריט, ווי אַ דרייסטער וואָלף. צום־ווייניקסטנס אין געדאַנק. ער האָט אין זיך אַ פאַרביסענע קאָנ־סעקוועגץ. דערויף זאָגט אויפסניי עדות אַ פּראָצעס, מיט וועלכן

עס זענען פול די הייגטיקע אָוונט-צייטונגען...

— וואָס פאַר אַ פּראָצעס? איך ווייס נישט פון גאָרנישט, איך האָב נישט געלייענט.

פּרווינדאָרפער האָט גענומען אַ צייטונג פון טיש.

— ביטע, פרוי בלום האַלט פאַר איר חוב צו באַזאָרגן מיך מיט די פרישסטע ידיעות,

און ווען פּיאַ האָט נישט בלויז מיט די אויגן נאָר מיט אַלע אירע נערוון איינגעשלונגען דעם געדיכט-אויסגעזעצטן אַר־טיקל, וואָס האָט געשילדערט די הייגטיקע סצענע אין געריכטס־זאַל, האָט ער הייזעריק ווייטער געצויגן:

— לאָמיר אָננעמען, אַז דאָס האָט אַ באַזונדערע באַדײַ־טונג.

אין געוויסערמאָס געפּעלט עס מיר אַפילו. אַראָפּנעמען פון פייער אַ טעפּל זופּ און עס גיסן די הערן אין פּנים אַרײַן איז נישט אַבי-וואָס.

אָבער צו וואָס? וואָס וועט דערפון זײַן? אַ פּוסטע דע־מאָנסטראַציע, און אַ נאַיווע, אַזאַ נאַיווע און דאָן-קיכאָטישע, ווי אַ געשיכטע מיט דער קאָמעדיאַנטקע.

אָ, יאָ, הער שמידט, אַזוי איז עס. לאָמיר בעסער אין דעם ענין האַלטן די מײַלער.

מיר האָבן זיך דאָך אָפּגעבריט די מײַלער. מיר האָבן דאָך אַליין געהאַנדלט, ווי די אייזלען, נישט מוחל צו זײַן אונז.

פּיאַ האָט נישט געהערט דידאָזיקע ווערטער. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די צייטונג אויף די קני און איר בליק איז מיט אַן אינערלעכן פלאַם אַרײַנגעדרינגען אין אַ פרעמדער, נייער וועלט.

— אָך, פרוי פּיאַ, ווי שרעקלעך, — האָט פּרווינדאָרפער ווידער אָנגעהויבן, — דער אויטאָר פון דער געשיכטע פון די מענטשלעכע נאַרישקייטן איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער מדרגה פון די באַדויערונגסווערטע און נאַרישסטע מענטשן. ער האָט זיך דעמאַסקירט אַלס ראָמאַנטיקער. ער איז אַרויס מיט אַ פּיפּיקער מיסטיק אויף דער נשמה, כדי אָפּצושפּילן דאָס לעצטע געריכט.

וואָס פאַר אַ באַטריגעריש געמיש פון עטיק, ליטעראַטור און שלימזלדיקייט! זעלבסבאַפרידיקונג מיט דער הילף פון דער פאַנטאַזיע! אַך! אַך! קיין שום הומאָר! קיין שום רעאַליזם! אָך! אָך!

אָן צווייפל — ער האָט געמאַכט אַ כוסה. אַ גראָב פלעשל מיט אַ בויך איז געשטאַנען אויפן טיש.

פיאַ האָט זיך אויפגעשטעלט.

ער האָט נישט באַמערקט און נישט געהערט, ווי זי האָט זיך שטיל געזעגנט און אַרויס.

בלויז העד שמידט האָט זי אָפּגעפירט צו דער טיר. פּרוינדאָרפער איז נאָך אַ ווײַלע געזעסן טעמפּ איינגעקוקט פאַר זיך, דערנאָך איז ער שווער אויפגעשטאַנען.

ער האָט טיף געסאָפּעט, זיך אָפּגעטרייסלט, פאַררויכערט אַ גראָבן ציגאַר און ברומענדיק זיך געזעצט צום שרײַבטיש, וווּ עס איז געלעגן אַ דיקער מאַנוסקריפּט.

ער האָט זיך מיט חוזק צוגעקוקט צום נאָמען אויפן מאַנוסקריפּט, דערנאָך האָט ער אים אומגעדרייט, אַרויפגעלייגט אַ ריש בלעטל און געשריבן:

ע ג י ד פ ר ו י נ ד אָ ר פ ע ר

מיטבירגער אין דער היינט-צײַטיקער קענן זיין ווילן ווידמעט

דאָסדאָזיקע אומענדלעך און קיינמאָל נישט געענדיקטע ווערק

זיין זייער טרייען פריינט

פ ר י ד ר י ך ל ו ד י ן

וואָס קען דעם וועג פון אַ וואַנזיניקן

און אוממעכטיקן הילף-ברענגער

פון זאַכן און מענטשן.

LXIII

צוויי טעג און צוויי נעכט האָט פּיאַ געוואַכט איבער לודינען.

זי האָט נישט גערופן קיין דאָקטאָר, ווייל לודין האָט געבעטן, אַז זי זאָל עס נישט טון און זי אַליין האָט באַמערקט, אַז דאָס איז בלויז אַ צושטאַנד פון אויסשעפּונג און געדריקטקייט, פאַר וועלכן רו איז די בעסטע הילף.

מיטן הויז און מיט די קינדער האָט זי זיך טעלעפאָניש פאַרשטענדיקט, די נויטיקע זאַכן האָט זי געהייסן די דינסט ברענגען, מיט דער קאַנצעלאַריע האָט זי זיך אויך טעלעפאָניש דורכגערעדט.

פרוי דאַמראָש האָט איר עטלעכע מאָל פאָרגעלייגט איר הילף, אָבער פּיאַ האָט אָפּגעזאָגט מיט דאַנק.

מאַרלינע און רעלי זענען געקומען צוויי מאָל אין טאָג, שטענדיק נאָך דער שול, איידער זיי זענען געפאָרן אַהיים; פּיאַ האָט זיי נישט אַריינגעלאָזט אין פאָטערס שטוב, זי האָט מיט זיי בלויז גערעדט אונטער דער טיר עטלעכע ווערטער; באַרויקנדיק זיי מילד און שכלדיק.

מיט דערזעלבער מילדקייט האָט זי אים באַדינט, זי האָט אים געשטעלט קורצע פראַגן און אויף זיינע פראַגן האָט זי געענטפערט.

על-פּי-רוב איז זי געזעסן מיט אַן אַרבעט ביים פענצטער אָפּט מיט אַ ביכל.

ווען זי האָט אויפגעהויבן די אויגן האָט זי אַ פאַרטראַכטע געוואָרפן אַ בליק אויף די ביימער אין פּאַרק, וואָס זענען

באַדעקט געוואָרן מיטן ערשטן גרינס.

אַז עס איז געקומען די שעה פון מאָלצייט איז זי אַליין אַוועק אין דער קיך און אַליין עס געברענגט אים אין בעט אריין די מאכלים, וואָס זענען דורך איר באַשטעלט געוואָרן און לויט איר פאַרלאַנג געקאָכט געוואָרן. דערנאָך האָט זי געגעסן אַליין אין אַ שכנותדיקער שטוב.

שווייגנדיק האָט לודין געפּאָרשט אירע באַוועגונגען, בעת זי האָט זיך געדרייט.

שווייגנדיק האָבן זיינע אויגן גערוט אויף איר, ווען זי איז געזעסן ביים פענצטער, אָדער אין אָוונט ביי אַן אָנגעצונדענער לאָמפּ.

ער האָט געזען איר איידל-געוועלבטן מיידלשן שטערן, אירע העלע שטריכן, גאָלדענע ווייסע האָר, איר יונגן בוזעמדיקן גוף און עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער זוכט עפּעס, זוכט עפּעס.

אויף קיין רגע נישט האָט דאָס שווייגן, וואָס האָט געהערשט צווישן זיי, געהאַט אין זיך עפּעס דריקנדיקס, אָבער עס איז געווען דערין עפּעס דערוואַטנדיקס, וואָס האָט געוויזן אויף ערנסטער גייסטיקער קאָנצענטרירטקייט.

ענדלעך דעם צווייטן טאָג אין אָוונט, אין דער שפּעטער שעה, בעת פּיאַ האָט שוין אַלץ צוגעגרייט צו דער נאַכט, האָט זיך לודין אַביסל אויפגעהויבן פון די קישנס, האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און געזאָגט:

— מיר מוזן אָננעמען אַ באַשלוס. מיר קאָנען שוין לענגער נישט אָפּשלעפּן דאָס, וואָס מיר דאַרפן טון.

— האָסטו נאָך נישט אָנגענומען קיין באַשלוס? — האָט פּיאַ געפרעגט אַביסל פאַרחידושט, אָדער פלומרשט פאַרחידושט אַ פיר-טוענדיק מיט די שפּיצן פינגער פון דער לינקער האַנט אויף דער לינקער שלייף.

דידאָזיקע באַוועגונג האָט זי אָפּט געמאַכט, בפרט ווען זי האָט, אַזוי ווי איצט אָנגעהויבן אַ שמועס.

— איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט שוין לאַנג דעם

ענין אַנטשידן. איבעריקנס, וועגן וואָס זאָלן מיר רעדן? איך מיין, אַז דו האָסט דיר שוין באַשטימט דעם וועג, פרידריך. וואָס שייך מיר, בין איך גרייט אויף אַלץ. איך האָב דיר שוין דאָס געזאָגט, און איך האָב גאָרנישט געענדערט מיינע געדאַנקען. שטעל דיר פאָר, אַז דו האָסט פאַר דיר אַ קליענטקע, עס איז דאָך נישט קיין נייעס פאַר דיר. דו וועסט איר זאָגן: מען דאַרף טון אַזוי און אַזוי. איך, דיין קליענטקע, וועל דיך, בלינד האָרכן.

לודין האָט געקוקט אויף איר מיט אויספאָרשנדיקע בליקן.

— דיינע ווערטער זענען זייער שכלדיק, פיאַ, — האָט ער געענטפערט; עס איז אויך זייער נאָכגיביק און שטאָלץ, יאָ, עס שטעקט דערין אַ סך שטאָלץ, אויב מען זאָגט: באַפעל מיט מיר, טו, וואָס דו ווילסט. דאָס איז די צווייטע זייט פון שטאָלץ שטאָלץ פון אָפּזאָגן זיך, שטאָלץ פון רעזיגנאַציע, שטאָלץ, — זיי מיר מוחל פאַר דעמדאָזיקן וואָרט, דער פאַקט אַליין פון אַזאַ דיסקוסיע זאָגט שוין וועגן קעגנער, — וואָס אַנטוואָפנט און פאַרשעמט דעם קעגנער. איך וואָלט נישט געוואָלט זיין דורך דיר פאַרשעמט און אַנטוואָפנט. איך וואָלט געוואָלט מיט דיר זיך אָפן און אויפריכטיק פאַרשטענדיקן, ווי עס פאַסט פאַר אַלטע חברים.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי דו קוקסט דערויף. איך ווייס נישט, ווי אַזוי עס זעט אויס דיין באַציִונג צו מיר, ווי אַזוי דו קוקסט און טראַכטסט וועגן מיר, מיט וואָס פאַר אַ באַוואָרענישן דו גיסט מיר פלומרשט דאָס צוטרויען, בעת אין דער ווירקלעכקייט ביסטו אַזוי קנאַפּ רעדעוודיק, אַזוי פאַרשלאָסן און אין אַזאַ צושטאַנד גיסטו זיך אַוועק אין מיינע הענט.

— מיט וואָס פאַר אַ באַוואָרעניש? איך האָב נישט קיין באַוואָרענישן, ווי גאָט איז מיר ליב, — האָט פיאַ געענטפערט אַ פאַרחידושטע.

לודין האָט געצויגן מיט אַ וואַרעמען, דורכדרינגלעכן טאָן:

— מיין נישט, אַז נאָך אַלץ, וואָס עס איז געשען, וואָלט

איך מיר דערלויבט אַזאַ מענערישן באַקוועמען לוקסוס, דו זאָלסט מיר העלפן צוריקצוקריגן אַ ריין געוויסן און אויסצושפּרייטן,— איך וועל זיך אַזוי אויסדריקן — איבער אונז ביידע די בלויע ריינקייט פון פריינטשאַפט. איך ווייס, וויפיל ליגנערישן טרייסט און פאַלשע אָנשטעלן מען מוז אָנווענדן כדי צוריקצושטעלן צווישן אונז די פריינטשאַפט נאָכדעם, וואָס עס איז געשען צווישן אונז. און אויב עס איז געווען צווישן אונז נישט מער ווי פריינטשאַפט, טאָ צוואָס דאַרף מען באַשלוסן? פריינטשאַפט דאַרף נישט קיין באַשלוסן. האָב דעריבער נישט קיין מורא פאַר דעם אַלעם, האָב נישט קיין מורא פאַר דעם ווייטיקלעכן אָנכאַפּן זיך אין די באַגריפן פול מיט מיספאַרשטענדנישן און באַטריגעריי. איך וויל אָבער זען קלאָר. איך וויל הערן דיין מיינונג, איך וויל וויסן דיין גייסטיקן מצב, כדי צוצופּאַסן זיך צו זיי אינערלעך און אויסערלעך.

פיאַ האָט געמאַכט אַ הילפלאָזע באַוועגונג.

— וואָס זאָל איך דיר דערויף ענטפערן? — האָט זי געזאָגט — דו ווייסט דאָך אַליין; דו מוזט עס וויסן. איך וויל נישט זיין קיין שטערונג. און דו ווילסט דיין לעבן אויפסניי ענדערן, איבעראַנדערשן דיין גורל, וויל איך נישט שטיין צווישן דיר און דיינע כוונות. איך וואָלט מיר דאָס קיינמאָל נישט געקאָנט מוחל זיין. איך וואָלט קיינמאָל נישט געקאָנט ערלעך דיר קוקן אין די אויגן. שטאָלץ? אָ, יאָ, אפשר געפינט זיך דערין שטאָלץ. קאָנסטו דען האָבן טענות אויף אַ שטאָלץ, וואָס פאַרטיידיקט מיך קעגן פאַראַכטונג צו זיך אַליין, וואָס איך וואָלט געמוזט פילן? ווען איך וואָלט פאַר דיר געווען אַ שטערונג?

אירע אויגן האָבן געפלאַמט, געשטראַלט מיט אַ טיף ליכט.

לודין האָט נישט געקאָנט פון איר אָפּרייסן דעם בליק עס האָט אים באַהערשט אַ כסדר וואַקסנדיקע שפּאַנונג און נייגעריקייט.

נישט די ווערטער האָבן אים געמאַכט אומרויִק, נישט די

ווערטער האָבן אים אַרויסגעבּרענגט פון אַ פאַרצווייפלטער, פאַטאַליסטישער רו, נאָר דער טאָן, דער עכאָ פון טאָן, וואָס האָט אים נעבּן די אַרויסגעזאָגטע זאַכן דערלויבּט אָנצושטויסן זיך אין פאַרשוויגענע זאַכן, צוליבּ וועלכן זיי זענען אַרויסגעקומען נישט אינגאַנצן אויפריכטיק.

ער האָט געוואָלט פרעגן. אַזוי ווי זי האָט נישט געקאָנט פריי עפענען די נשמה מיט איר אייגענער קראַפט, האָט ער איר געוואָלט העלפן.

דאָס האָט אים אויסגעוויזן צו זיין וויכטיק, זייער וויכטיק. ער האָט געפרעגט:

— איז מיר דערלויבּט דיר צו שטעלן עטלעכע פראַגן?

פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם. עס האָט איר אויסגעוויזן, אַז צומלייכטסטן וועט דער ענין געלעזט ווערן, אויבּ ער וועט פרעגן און זי וועט ענטפערן. דערבּיי האָט זי מיט פאַרוואונדערונג באַמערקט זיין נייגעריקייט זיין געשפאַנטקייט, זיין פּלוצלינגדיקע לעבּהאַפטיקייט און אומרו. זי האָט אין זיך אַ קוק געטון, צי עפּעס איז אין איר נישט פרעמד, אַנדערש.

פרויען האָבן אַמאָל סודותדיקע געפילן פונקט ווי אין משך פון עטלעכע מינוט וואָלטן זיי זיך לחלוטין געענדערט אין די אויגן פון מאַן וואָס קוקט אויף זיי. אָדער זיי שטעלן דעמאָלט ערשט פעסט די פאָרגעקומענע ענדערונגען און דערקענען זיך אויף דעם.

ער האָט געמיינט, אַז ער וועט שטעלן צוויי אָדער דריי פראַגן, אָבּער עס זענען געבּוירן געוואָרן מער.

אַזויפיל פראַגן, וואָס פּיאַ האָט זיבּנט יאָרן נישט געהערט און נישט געוווּסט פון זיי.

איין פראַגע איז געקומען נאָך דער צווייטער און פּיאַ האָט זיך באַמיט צו ענטפערן אויף זיי וואָס בּעסער, האָבּנדיק דערבּיי אין זין, אַז די תשובות זאָלן זיין וואָס גענויער, און אין דערזעלבּער צייט האָט זי וואָס אַמאָל דרייסטער איינגענומען זיינע בּליקן.

קודם-כּל האָט ער געפרעגט, צי זי האָט זיך פאַרגעשטעלט די אומגליקן בעת זי האָט אים געראָטן אַרויסצוציען זיך פון הויז.

— ניין, ניין, זי האָט נישט געוווּסט וועגן דעם אַלעם— האָט זי געענטפערט,—בלויז דאָס, דערפון וואָס מענטשן האָבן געשמועסט; און וואָס בריגידע הארסמאַן האָט איר דערציילט, האָט זי זיך געקאָנט אָנשטויסן; זי האָט זיך געמוזט מיט דעם באַגנוגענען.

געענוי האָט זי זיך דערוווּסט ערשט פון עגיד פרוינ-דאָרפערן, אָבער מאָדנע, דאָס האָט זי לחלוטין נישט פאַרוווּנ-דערט און נישט אַזוי שטאַרק אָנגעריגט, ווי מען האָט געקאָנט רעכענען.

ער האָט געפרעגט פאַרוואָס. זי האָט אים דאָס נישט גע-קאָנט פאַרטייטשן,

דאָס אַלץ איז שוין לאַנג געווען, עס איז געווען אין איר.

— צי זי האָט אַן אָנונג, ווי גרויס דאָס אומגליק איז געווען,—האָט ער ווייטער געצויגן.

— אָ, יאָ,—האָט זי געענטפערט כּמעט באַשיידן,—עס איז אויף איר אַרויפגעפאַלן ווי אַ באַרג.

צי האָט זי געוווּסט, אַז דאָס איז געווען אַן איינזייטיק. באַגרענעצט אומגליק, אַ צופעליק אומגליק, אַ גייסטיק אומגליק, וואָס דאָס לעבן האָט אויסגעטראַכט? — און דאָס האָט זי גע-פילט, און איצט ווייסט זי דערפון, אָבער תּופס זיין קאָן זי עס נאָך נישט.

זי האָט די אויגן אַראָפּגעלאָזט, אָבער תּיכּף האָט זי זיי באַלד אויפגעהויבן, קוקנדיק אויף אים מיט אויפמערקזאַמקייט און גרייטקייט.

לודין: צי ווען זי וואָלט אין יענעם פרימאָרגן זיך אַלץ דערוווּסט פון פרוינדאָרפערן, צי וואָלט זי דעמאָלט מער נישט געזאָגט, ווי געהאַנדלט אויף דעמזעלבן איינגעהאַלטענעם, מילדן שכלדיקן אופן.

אָן שום צווייפל. — און זי וואָלט אים איבערגעלאָזט אין אַן אומזיכערקייט בנוגע דעם, וואָס זי האָט געוווּסט; צי האָט זי בלויז געהאַט אַ חשד, אָדער זי האָט זיך בלויז אָנגעשטויסן אָדער צי זי האָט גאָר געהאַט אַ סודותדיק-טונקל בילד פון דער זיכערקייט אין זיין אויפירונג?

זיין בילד איז נישט געווען פאַרטונקלט, האָט זי געזאָגט, צווייפלענדיק אַ רגע; עס האָט נישט געקאָנט זיין פאַרטונקלט. אויב זי איז ווי זי האָט אַליין דערציילט, אומרויִק געוואָרן, און געוווּסט האָט זי דעמאָלט ערשט דעם האַלבן אמת, טאָ פאַרוואָס איז זי נישט געקומען צו אים און געפאָדערט דערקלערונגען? — דאָס ליגט נישט אין איר נאַטור. זי וואָלט דאָס נישט געטון.

זי האָט אָבער געדאַרפט האָבן אַזוי פיל צוטרויען צו אים, אַזוי ווי ער האָט אַליין נישט געזאָגט, האָט זי געהאַלטן פאַר אַן עולה משפיע צו זיין אים אין דערדאָזיקער ריכטונג; — פאַר אַן עולה? ווי אַזוי? אפשר האָט ער געוואַרט דערויף. —

„ניין, אויף דערויף, פרידריך האָסטו זיכער נישט געוואַרט". — אפשר וואָלט זי אים דערמיט געראַטעוועט, אפשר וואָלט זי אים דערמיט געווען געהאָלפן. — זיי האָבן נישט געהאַט אַזעלכע געוווינהייטן.

זיי האָבן קיינמאָל נישט געפירט קיין געשפרעכן. זי האָט געוווּסט און האָט שוין לאַנג זיך איבערצייגט, אַז בחינמדיקע מיטמענטשן שטערן אים אַרבעטן; זי האָט זיך שוין לאַנג צוגעוווינט צו זיין שטיל און נישט צו שטערן.

ער האָט זיך וואָס אַמאָל מער געוווּנדערט. אויף זיין פנים האָט זיך געפונען אַן אויסדרוק ווי ער וואָלט נישט געקאָנט פאַרשטיין, אַז דאָס איז זי, באמת, פיאַ, וואָס איז זעכצן יאָר געגאַנגען נעבן אים אַ שמייכלדיקע, אַ געהאָרכזאַמע, אַ נאָכגיביקע, און איז דערביי געווען אַ גוטע באַלעבאָסטע, און דהגם זי האָט שטענדיק געשוויגן, האָט ער זי נישט פאָרט געקענט, ווי עס האָט זיך איצט אַרויסגעוויזן.

— אַלזאָ, דאָס איז פיאַ, האָט זיך אויסגעדאַכט; זאָגט ער

צו זיך, מיט דערזעלבער צעטומלטקייט, וואָס האָט אים באַ־הערשט, בעת ער האָט איינגראָבן דעם בליק אין קופּער, נאָר איצט אונטער דעם איינפלוס פון דער נייער אַנטפּלעקונג.

ער האָט זיך ווידער אַרויפגעלייגט אויף די קישנס, אַוועק־געלייגט די האַנט אויפן שטערן און זיך פאַרטראַכט.

דערווייל האָט פּיאַ צוגערוקט נעענטער איר שטול צום בעט.

אין אַ ווייל אַרום האָט ער זיך ווידער אויפגעהויבן.

— האָט זי זיך נישט געפילט פאַרראַטן דורך אים?—האָט ער געפרעגט. — ניין, זי האָט אים קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר פעיק צופאַרראַטן מענטשן אָדער עניגים, וואָס ער האָט אונ־טערגענומען.

אויב דאָס, וואָס ער האָט געטון, אָדער דאָס, וואָס ער האָט איבערגעליטן, האָט איר אויסגעוויזן צו זיין אַ פאַרראַט, דאָס הייסט, ווען זי וואָלט דערביי געצווייפלט אין זיין ערע און ערלעכקייט, וואָלט זי אים נישט געבעטן, ער זאָל פאַר־לאָזן דאָס הויז, נאָר זי וואָלט אים פאַרלאָזט.

זי האָט דערביי מאָדנע געשמייכלט און זיך נעענטער צו־גערוקט צו אים.

לודין האָט זיך פאַרוואונדערט. זיין מענלעכע שטאַרקייט האָט קנאַפּ פאַרשטאַנען דעם דאָזיקן אונטערשיד, וואָס האָט דער־לויבט אָפּצושאַצן די איידלקייט און די קראַפט פון איר געפיל. אָבער אַזאַ ספק איז ביי אַזעלכע באַציונגען געווען דערלאָזבאַר, האָט ער געזאָגט, ווילנדיק זי טיפער אויספאָרשן און דערפון אַרויסנעמען אַ העכערע און גרעסערע זיכערקייט.

—פאַרוואָס באַרירט ער דאָס, וואָס זי האָט קיינמאָל נישט דערוועגט זיך צו באַרירן?—האָט זי געפרעגט מיט דערשטוינונג.

— דערפאַר, ווייל ער קאָן זיך נישט באַפרייען פון דער שולד, דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ פאַרשאָלטענע פליכט זיך צו פאַרטרויען פאַר איר — האָט ער געענטפערט.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אויב ער וועט אָנהויבן צורעדן וועגן שולד, וועלן זיי באַרגישט דערגיין, — האָט זי געזאָגט נאָך מער ערנסטער און זיך צוגערוקט צום סאַמען ראַנד פון בעט.

אין משך פון אַלע יאָרן האָט ער זי צוגעווינט און דערצויגן אַזוי, אַז זי זאָל אירע זאַכן אַליין דערליידיקן און ער — זיינע; ווען נישט דאָס, וואָלט קיינער פון זיי בכלל נישט דערליידיקט ענינים מיט זיך.

— „אָבער אין דעמדאָזיקן שווייגנדיקן אָפּמאַך איז מען גע־געגאַנגען צו ווייט!" — האָט לודין אויסגערופן; — „וואָס האָסטו געטראַכט? וואָס האָסטו דיר פאַרגעשטעלט? ווי האָסטו זיך אי־בערלעך אָריענטירט?".

— „געוויס, צום סוף האָב איך זיך שוין מער נישט אָר־יענטירט", — האָט זי געענטפערט, — „אָבער אַזוי ווי ס׳זענען נישט געקומען אויף דער וועלט קיין סיאַמער צווילינג, האָב איך געמוזט זיין גרייט אַמאָל זיך צו צעשיידן; אָבער אַזוי ווי עס איז נאָך פאַראַן געטרייקייט, וואָס ווייזט ערשט אַרויס איר באַדייטונג. דעמאָלט, ווען די פּרוּוון זי צו צעשטערן בלייבן אָן דערפאָלג, דעריבער האָב איך געטראַכט, אַז מיין צייט איז אַריבער און דו ביסט צופיל העפלעך, צופיל נאָכגיביק און אפשר אויך אַ ביסל שרעקעוודיק, כדי דאָס זיך אַליין און מיר מודה צו זיין. איך האָב געהאַט אַ געפיל, אַז דו האָסט ערגעץ פאַר־לוירן, און האָסט עס אַליין נישט באַמערקט, אָדער עס צו שפּעט באַמערקט, אָדער גאָר בכלל פאַרגעסן, אַז איך האָב געלעבט. דערין בין איך, דעם אמת זאָגנדיק, אַליין שולדיק געווען. ווייל איך האָב בכיוון און מיט מי תמיד זיך קלענער געמאַכט, איך האָב זיך באַהאַלטן אין די ווינקלען, אונטער פאַרשידענע נאַ־רישע, שטומע זאַכן, און צום סוף האָב איך נישט געקאָנט דער־וואַרטן פון דיר, אַז דו זאָלסט מיך געפינען, אָדער זוכן, כדי מיך אַרויסצוגעמען".

זי האָט אַ שמייכל געטון, אָבער דער שמייכל איז אַרויס־געקומען אַ ביסל פאַרוויטיקט.

— „קודם־כל האָב איך דעמאָלט צו מיר געזאָגט: נאָר

אָן געשריי", — האָט זי אויסגערופן מיט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט געוועזן צוגעדעקט עפּעס אַ זאַך, וואָס מען האָט נישט געדאַרפט זען, — „נאָר אָן געשריי, אָן טומל און אָן גוזמא. איך ווייס ווי אַזוי דאָס זעט אויס, איך ווייס, אַז אַלע וועלן קרעכצן אַרום דיר".

זי איז שטיל געוואָרן און געקוקט אויף אים.

— נו און איצט? און הייַנט? — האָט ער געפרעגט מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע און אויסגעשטרעקט צו איר אַ האַנט.

זי האָט אים אָנגעקוקט.

ער האָט נישט דערוועגט זיך איבערצוחזרן די פראַגן. זי האָט אויסגעוויזן צו זיין פאַרוואונדערט.

עס קאָן זיין, אַז די פראַגע האָט פאַר איר אין דאָזיקן מאָמענט אויסגעזעען צו זיין נישט איידל, ווי אַן אָנפאַל, וואָס האָט זי באַאומרויקט און צעמישט.

לודין האָט דאָס דערפילט, און דערפילט האָט ער עס מיט באַדויערן, וואָס מען האָט אויך געקאָנט באַמערקן. אָבער נישט דאָס האָט ארויסגעוויקלט פון זיין פּנים דעם נעפּלדיקן שאָטן, וואָס האָט פאַרגרעסערט און שטאַרקער געמאַכט די שטראַלן פון סודות־דיקן קוואַל, וואָס זענען געפאַלן פון איר פּנים. ער האָט אַ קוק געטון אָנגעשטרענגט און שאַרף אויף פּיאַן, פון וועלכער עס איז פּלוצלינג און דייטלעך ארויסגעשווומען אַן אומבאַקאַנט וועזן.

עס איז ארויסגעשווומען נישט דאָס, וואָס איז שטענדיק, טאָג נאָך טאָג, ביי די באַקוועמע געוווינהייטן, אייבצייקווייז פאַרלוירן געגאַנגען פאַר זיין אויפמערקזאַמקייט.

נישט דאָס, וואָס איז אַמאָל געווען דער שלייער פון יוגנט און דער פרישער אויפבלי פון די ערשטע יאָרן און איז שוין אויף אייביק פאַרשוווּנדן.

יאָ, עס איז אויף אייביק פאַרשוווּנדן, און ער, אויב ער וואָלט געגלויבט דערין, וואָלט ער געפאַלן אַ קרבן פון אויסגע־

טראַכטע זינלעכע הנאות, ווען ער וואָלט דאָס פאַרגאַנגענע געוואָלט אָנכאַפּן, וואָלט ער אָנגעכאַפּט אַ זייפנבלאָז. נישט אַזאַ ווען איז אַרויסגעשווומען, נאָר עפּעס אַנדערש, לחלוטין אַנדערש, אַ נײַ געשטאַלט, אַ נײַ אויג, אַ נײַ פּנים, אַ נײַער זין, וואָס איז אויסגעוואַקסן אָן זײַן וויסן און אָן זײַן הילף, אויף דער גרענעץ פון צוויי רגעס, צווישן אַדורכגעמאַכטן און דעם נײַעם לעבן, בלײַבנדיק שטיין פאַר איר אויף אַ דעצידירנדיקן שייד-וועג.

הגם ער האָט געקאָנט די צאָל סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צו דער ירידה און דעם פאַנאַנדערפאַל פונם פאַמיליען-לעבן, האָט ער דאָך געלעבט און אַ צו שטאַרק פאַרסמטער און שטורמישער אַטמאָספערע פון קאַטאַסטראָפעס, כדי צו קאָנען לייגן זײַן אויפמערקזאַמקייט אויף דער איידעלער און הויכער אַנטוויקלונג, וואָס קומט פאַר איבער די קעפּ פון די קולטורעלסטע שיכטן פון אונזער דור. צווישן עטלעכע אויסדערוויילטע נשמות, וואָס זענען פון גורל באַשטימט געוואָרן צו ענדערן זיך.

און די גאַנצע פאַרפלאָנטערטקייט און סובטעלע פּראָבלעמאַטישע קאָמפּליצירטקייט פון אָפט טראַגישע כאַראַקטערן אַנטשיידט ענטגילטיק הויפּטזאַכלעך כוליגאַניזם, ברוטאַליטעט, עקזאַלטאַציע, נישט-איינגעהאַלטנקייט, תאווה און אומנאָרמאַלקייט.

ס'קאָן זײַן, אַז ער האָט עס אַמאָל געפילט, אָבער נישט שטענדיק האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, וואָס פאַר אַ באַדײַטונג איז פאַמיליען-לעבן פון מאַן און ווײַב, וואָס שטיצט זיך שטענדיק אויפן אינערלעכן רעכט, עס פאַרנעמט די גלײַכקייט פון דער מדרגה, אויף וועלכער זיי שטייען. לכתחילה ביגדט זיי דער פאָדעם פון קערפּערלעכער זינלעכקייט. זיי גייען נעבן זיך און מיינען, אַז זיי האָבן איינער דעם צווייטן געוווּנען אין אַרענדע, בעת אינדערעמתן זענען זיי שוין לאַנג זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

אָנשטאָט אַ חבר איז געבליבן אַ שאָטן. יעדער גייט זיך

זיין וועג און מיינט, אַז דער שאָטן נעבן אים איז באמת „דער צווייטער".

זיי האָבן זיך פאַרלוירן, אָבער זיי רעדן נאָר צווישן זיך, ווי אין חלום, ווי מענטשן, וואָס ווילן זיך נישט אָפּזאָגן פון דער אילוזיע פאַר קיין שום זאַך אויף דער וועלט און קיין שום מענטשלעכער און געטלעכער גייסט וואָלט נישט געקאָנט געפינען קיין חטא אין קיינעם פון זיי. דאָס איז געווען אומגעוויינלעך.

אַ ווייטיקלעכער סכסוך צווישן אומגעוויינלעכע מענטשן. אַזוי-פיל האָט לודין טיילמאָל באַמערקט.

אָבער אַז דער אָפּגעזונדערטער טייל, דער פאַרלוירענער און פאַרגעסענער, ווי פּיאַ האָט זיך אויסגעדריקט, פאַרשלייערט זיך און נעמט אָן די פאָרם פון אַ שאָטן, אַז אין דער סודות-דיקער שעמעוודיקייט, אין טיפן זעלבסטגעפיל און אין דעם אייגענעם ווערט דערווייטערט ער זיך, בכדי, ווען די צייט קומט, צוריקצוקערן אויף אַ העכערער מדרגה, אויף אַ העכערער שטופע, ווי אַ שלימותדיק וועזן, רייפער צו חברשאַפט, זיסער אין זיין מענטשלעכקייט, איידעלער אין זיין באַציִונג צו דער וועלט — דאָס האָט ער נישט געוווּסט, נישטדערגאַנגען און נישט געהאַלטן פאַר מעגלעך.

ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נישט בלויז מעגלעך, נאָר אַז עס איז אַפילו שוין געשען, האָבן צוליב דעם געמוזט צעפּלאָסן ווערן זיינע געשפּענסטער, זיינע פענאָמענס, און מען האָט געקאָנט גלויבן (דאָ זענען מן-הסתם זיינע געדאַנקען געבליבן שטיין, ווי פייגל, וואָס האָבן זיך דערהויבן איבער זייערע פלי-מעגלעכקייטן), אַז די ווונדערלעכע „צוויי-געשטאַלטיקייט" פון זיין לעבן, וועגן וועלכן עס האָט געחלומט זיין טרויעריקע פאַרשטעלונגס-קראַפט, איז געוואָרן אמת, אין זיין לאַנגן שווערן און פינצטערן דאָ-זיין איז געוואָרן אמת די טאָפּלטע איינציקייט...

צי האָט מען געקאָנט דערינען גלויבן?

— פרעגסט מיך, וואָס עס וועט זיין? האָט פּיאַ געענט-

פערט. — איך האָב געטראַכט דערוועגן. די לעצטע טעג האָב מיר גאָרנישט געטון, נאָר געטראַכט. איך וועל דיר זאָגן, וואָס איך האָב געטראַכט. איך וועל דיר ענטפערן.

ערשט איצט האָט זי אָנגענומען זיין האַנט, וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט צו איר.

ער האָט געהערט, וואָס זי האָט צו אים גערעדט. זי איז אַרויסגעשוווּמען פון זיינע געדאַנקען, פון זיינע קאַמפן. דאָס, וואָס ער האָט נישט דערוועגט זיך מודה צו זיין, האָט זי אַרויסגעזאָגט דרייסט, מיט אַ געוויסן מין פשטות.

— דו קאָנסט לענגער נישט לעבן אַזוי ווי ביז איצט, דו גייסט נישט מיטן ריכטיקן וועג. דו וועסט שוין מער נישט זיין קיין אַדוואָקאַט. דו וועסט שוין מער נישט פירן קיין פּראָצעסן. דו וועסט שוין מער נישט אונטערהאַנדלען מיט די צדדים. דו וועסט שוין מער נישט פאַרטיידיקן פאַרן געריכט. דו וועסט וואַרפן די קאַנצעלאַריע. אויב דו וועסט זי פאַרקויפן, אויב דו וועסט וועלן. דאָס איז נישט קיין נפקא מינה. דו מוזט אַוועקוואַרפן דאָסדאָזיקע פאַך. עס איז נישט פאַר דיר. מינדסטנס זינט אַ געוויסער צייט. איך ווייס נישט זייט ווען...

— דו רעדסט דרייסט, טייערע פּיאַ, — האָט ער געזאָגט אַ דערשראָקענער, אָבער מיט אַ שטילער און באַהאַלטענער דערלייכטערונג, נישט גלויבנדיק אַלץ אין דער מעגלעכקייט באַפרייט צו ווערן — אַ דרייסטער דיאַגנאָז, אַ מוטיקער דיקדאַט. צי קאָן מען דען דאָס פאַך אַראָפוואַרפן פון זיך? אַזאַ פאַך, ווי מיינס? ווערט דען נישט דער אמתער מאַנספאַרשוין געבוירן צוזאַמען מיט זיין פאַך, און אויב אַפילו ער וויל נישט הערן פון זיין פאַך, בינדט דאָס אים דען נישט צו צום לעבן? דאָס פאַך איז די ספּרונזשינע פון לעבן. וואָס דען זאָל איך טון אויף דער וועלט? צי וואָס בין איך פּעזיק?

אַזוי זאָל ער נישט רעדן, — האָט פּיאַ געענטפערט, — ער טויג גאָר צו עפּעס אַנדערש.

זי איז זיכער, אַז ער פאַרמאָגט אַנדערע פעיקייטן, אַ

חוץ די, וואָס ער האָט געווידמעט זיין טעגלעכער קנעכט-שאַפט.

זי האָט עס אַרויסגערעדט אין אַ זייער פשוטן און פאַר-טרויעריקן טאָן.

ער האָט דאָך אַליין געזאָגט מיט יאָרן צוריק, אַז ער האָט זיך טועה געווען מיט זיין באַרוף.

— ווען? — האָט ער געפרעגט אַ דערשטוינטער, — ווען ער האָט עס געזאָגט און ביי וואָס פאַר אַ געלעגנהייט?—דאָס קאָן זי נישט גענוי זאָגן.

דאָס איז געווען אין אַ צייט פון אַ גרויסן פּראָצעס וועגן אַן אונטערוואָרפן קינד, און ער האָט זיך געפונען אין אַ גע-דריקטער שטימונג.

— יאָ, — האָט לודין איבערגעריסן,— ער דערמאָנט זיך. דער פלאָנטער האָט זיך נישט געלאָזט אויפקניפּן און די אויפגעוויקלטע פעדעם האָבן פאַרפלאָנטערט די ריכטער און די אַדוואָקאַטן.

אַזוי איז עס, האָט זי מספים געווען. דערויף האָט ער זיך אָנגערופן:

זיין שליחות האָט געקאָנט זיין שאַפן אַ באַזע פאַר אַ נייער געזעצגעבונג.

זי האָט עס געדענקט.

ער האָט נישט געגלויבט, אַז עס איז נישט צו שפּעט צו ענדערן די ריכטונג.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר איר און זיך אָנ-גערופן:

— זאָר אויף אַזאַ אופן וואָלט איך געקאָנט דינען מיין פאָלק און לאַנד.

— אפשר איז צו שפּעט, — האָט ער זיך אַריינגע-מישט.

— פאַרוואָס זאָל זיין צו שפּעט, אויב מען האָט אָנגע-נומען אַן ערנסטן באַשלוס און אויב דאָס איז די העכסטע נויט-ווענדיקייט.

— האלסטו עס פאר א נויטווענדיקייט און דערצו פאר די העכסטע? — האט ער געפרעגט מיט א באזונדערער גיי־געריקייט.

— אזוי איז עס.

— אבער דער מענטש איז געבונדן, פארקניפט מיט טויזנ־טער פליכטן, עניגים, גורלות, איז אים געגעבן געווארן א ווארט, עס גייט וועגן פערזענלעכן קרעדיט...

— א, פיא, ווייסט וועגן וואס עס האנדלט זיך. זיכער א סך מער, ווי עס דאכט זיך אים, אבער דאס איז א גרויסע זאך.

מען מוז זי אויסקעמפן, מען מוז, מען מוז, מען מוז.

זי האט צוגעשטעקט די רעכטע פויסט צו דער לינקער האנט.

— מען מוז, פיא?

— גיב א קלער, צי מען מוז נישט! האנדל זייער ערלעך, פרידריך, מיט זיך און מיט מיר.

יא, ער באגרייפט, ער זעט, אבער וויפיל מענטשן וועלן זיך אים אנטקעגנשטעלן און באשולדיקן אין דע־זערציע.

— זאלן זיי זיך אנטקעגנשטעלן, דו ווייסט בעסער.

— זיי וועלן זאגן, אז די געשיכטע איז איבערגעוואקסן לודינען און אויסגעקליבן דעם בעסערן טייל וואס לעבט פאר איר פארגעניגן.

— פרידריך! — האט פיא אויסגערופן — די, וואס קאנען דיך, וועלן דאס נישט זאגן, ווייל זיי ווייסן, אז דו געפינסט נישט צופיל פרייד אין לעבן, אז דו פארמאגסט נישט צופיל טאלאנט צום לעבן.

— דאס איז גוט! — האט א שמייכל געציטערט אויף לו־דינס מיד פנים.— די וועלט געדענקט וועגן דעם, כדי נישט צו דערלאזן אונז זיך צוריקצוציען אין א זייט. איבעריקנס גיב א טראכט: אונזער לעבן איז צוגעפאסט צו א געוויסער פארם

קינדער, אַ הויז...

— אָט זענען מיר געקומען צום געפערלעכן פונקט, — האָט פיאַ געענטפערט. מיש נישט צונויף די אויסהאַלטונג מיט יענעם, איך ווייס נישט ווי אַזוי עס אָנצורופן. פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף ענדערן די גאַנצעווירטשאַפט. מען דאַרף באַגרענעצן די אויסגאַבן, באַגרענעצן זייער שטאַרק. די וויליע וועלן מיר פאַרקויפן, אָדער פאַרדינגען, און מיר וועלן זיך אַריינציען אין אַ קליינער דירה, אָדער מיר וועלן אַוועקגעבן רעלין און מאַרלענען אין אַ פענסיאָנאַט און אַוועקפאָרן אויפן דאָרף. אָדער דו אַליין, אָדער איך מיט דיר, אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען; מיר וועלן אויספאָרשן דעם ענין און מיר וועלן אָפּוואַרטן.

דו מוזט זיך אָפּרוען, דאָס איז פאַר דיר פונקט אַזאַ אַרבעט, ווי יעדער אַנדערע.

עס דאַכט זיך מיר, ווי דו וואָלסט געגאַנגען אויף בעיעג אויף זיך אַליין, אָבער דו מוזט כאַפּן נישט קיין אַנדערן, ווי דיך.

— פיאַ! האָט לודין אויסגערופן אַן אויפגעטרייסלטער.

— דו ביסט ערשט אַלט אַכטאונפערציק יאָר. דו קאָנסט אָנהויבן אויפסניי. דו דאַרפסט עס און וועסט עס טון אויב דו ווילסט עס און ווילסט דערביי מיך האָבן פאַר אַ חבר, אָדער אַר צו דעם, אויב אַזוי...

מיטאיינמאָל איז זי צו נאָנט צו אים אָן קול, איר קאָפּ איז געפאַלן אויף לודינס ברוסט, ער האָט געלייגט ביידע הענט אויף איר קאָפּ.

אין איינעם אַ טאָג פון סוף חודש האָט דער נאָמענלאָזער פאָרזיצער פון פאַריין „דער פלאַם" צונויפגערופן אויף אַ זיצונג זיינע איצט שוין צאָלרייכע מיטגלידער. אַלס זאַמלפונקט איז באַשטימט געוואָרן דער גאָרטן פון לודינס ווילע. מאַרלענע האָט אַזוי פאַרלאַנגט און וויל ס'איז נישט געווען, וואָס ס'זאָל שטערן איר פאַרלאַנג, איז מען מסכים געווען.

דאָס איז אויך געווען דער לעצטער טאָג, וואָס די פאַמיליע פון געוועזענעם אַדוואָקאַט האָט פאַרבראַכט אין דעם שיינעם, אָפגעלאָזענעם הויז. מען האָט די ווילע פאַרדינגען אויף דריי יאָר אַן אַמעריקאַנער פאָרפאָלק, וואָס האָט שוין צומאָרגנס זיך געזאָלט אַריינציען.

בסוד האָט מאַרלענע געשטרעבט צו פאַרייניקן די אַלגעמיינע פייערלעכקייט מיט אַ באַזונדערע פייערלעכקייט; ווייל דעמלעצטן האָבן געזאָלט וויסן בלויז אירע נאָנסטע פריינט, וואָס ס'איז זיי, איבעריקנס, אָנגעגאַנגען.

אין געדאַנק האָט זי דעמדאָזיקן טאָג געשענדט דעם אָנדענק פון אַ געוויסן געשטאָרבענעם, ווילנדיק אַזוי-נאָך פאַרבינדן די פאַרגאַנגענהייט מיט דער צוקונפט; די פאַרגאַנגענהייט האָט זי געוואָלט אָפשליסן און די צוקונפט אָנהויבן מיט כבוד. זי האָט פאַרמאָגט אַ שטאַרק אַנטוויקלט געפיל פון דער איבערגעלעבטער עפּאָכע, ווי ווייט עס האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ שייכות צו אירע יאָרן, פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט דאָסדאָזיקע געפיל געשטאַמט פון איר באַציונג צו דער וועלט. עס האָט געטראָפן, זי זאָל זאָגן מיט אַ שמייכל:

— היינט האָט דער וועקזייגער געקלונגען.

זי האָט דערבײַ נישט געמיינט אַ ווירקלעכן וועקזייגער, נאָר, אַז זי האָט אינערלעך דערליידיקט עפּעס אַ וויכטיקן ענין און זי האָט אַדאַנק דעם געקאָנט דורכגיין אַן אָפן טויער אין אַן אַנדערן רוים פון דער עקזיסטענץ. אַזאַ פּראָגראַמאַטישקייט האָט איר לחלוטין נישט געשטערט.

זי האָט אויך נישט געדאַגהט זיך, בעת מען האָט דעריבער געשמייכלט. די טעג זענען פאַר איר נאָך מער אָפּגערוקטער געוואָרן, די נעכט זענען געווען אומגעווענלעך גרויסע קאָרידאָרן פון איין טאָג צום צווייטן, און אַ יאָר — אַ טיפע אומענדלעכקייט.

איינער פון אירע באַקאַנטע איז געווען אַ סקולפּטור — אַן אָנהויבער. אים האָט זי געגעבן די פאָטאָגראַפיע פון ניקאָלאַי פּרווינדאָרפער, און ער האָט לויטן פאָרטרעט געמאַכט אַ געשיקטן ליימענעם ביוסט.

ווען ער האָט אים איר געבראַנגט אין טאָג פון פייערלעכקייט, זענען מאַרלענע און רעלי פאַרוווּנדערט געוואָרן פון דער ענלעכקייט און פון דער געטרייקייט, און רעלי איז אַזוי אַטציקט געוואָרן, אַז זי האָט זיך דעם סקולפּטור געוואָרפן אויפן חלדז. דאָס ווערק האָט מען אַוועקגעשטעלט אין גאָרטן. אַלס פּיעדעסטאַל האָט מען גענומען אַ הויכן, שמאָלן קאַסטן און ביז די געסט זענען אָנגעקומען זענען די שוועסטערן געווען פאַרנומען מיט בויען טרעפּלעך פון ברעטער. דערנאָך האָבן זיי דעם דענקמאָל פאַרצירט מיט בלומען און בלעטער, מיינסטנסטיילס מיט בעז און רויזן אויך מיט עטלעכע געלע כריזאַנטעמען פון דער אָראַנזשעריע.

עס איז געקומען נאָך לאַנגע רעגן-טעג אַ שיין וועטער און די פאַרביקע בלומען האָבן געגלאַנצט אומגעוויינלעך ריין און מיט אַ קרעפּטיקן ריח.

צווישן די יוגנט, וואָס האָט זיך אַזייגער פינף פאַרזאַמלט אין אַן אָפּגעלאָזן אָרט פון גאָרטן, איז נישט געווען קיין סוד, אַז די לודינס זאָלן פאַרלאָזן זייער באַקוועמע ווילע און פאַרנע-

מען אַ באַשיידענע וווינונג אין דער שטאָט. אָבער זיי האָבן גע־ווּסט נישט בלויז וועגן דעם אַליין. זיי האָבן אויך גענוי גע־ווּסט, וואָס אַזוינס עס האָט זיי געפֿירט דערצו. דערין האָט געשטעקט עפּעס נישט־באַגרייפֿלעכס: יענע טונקעלע קלאַנגען וואָס דערהויבן מיטאַמאָל אַ מענטש, אָדער מאַכן אים אַראָפּפֿאַלן.

דעריבער האָט לודין זיך אויך געוווּנדערט, בעת אַלעמענס בליקן האָבן זיך געווענדט צו אים און אַלע האָבן גענומען שווייגן, ווען ער איז אין אָוונט, אין דער צייט פֿון זון־פֿאַרגאַנג, אַרויס פֿון שטוב מיט אַ פֿריינטלעכער און ענערגישער מינע, כּדי אַ קוק צו טון אויפֿן גאָרטן, וואָס איז געווען איינגעהילט אין אַ פֿולן אויפֿבלי.

ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס דידאָזיקע אַלע ביז איצט באַוועגלעכע מענטשן זענען מיטאיינמאָל פֿאַרגליווערט געוואָרן דידאָזיקע צאָרטלעכע יונגע פּנימער, וואָס זענען געווען געווענדט צו אים, האָבן זיך אַ ריר געטון, אַ ביסל אַ צעשטרייטער האָט ער צוגעשטעלט די האַנט צום קאַפּעלוש און אַראָפּ פֿון די טרעפּן דעמאָלט איז צו אים צוגעגאַנגען מאַרלענע, מיט אַ שמייכל אים אָנגענומען פֿאַר דער האַנט און אים צוגעפֿירט צו ניקאָלאַי פֿרוינדאָרפֿערס סקולפּטור, וואָס האָט זיך געטונקען אין אַ ים פֿון בלומען.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ צעדרודערטער, ער האָט פֿאַמע־לעך אויסגעשטרעקט די האַנט צום קאָפּ און אַראָפּגענומען דעם הוט.

מאַרלענע האָט אויף אים געוואָרפֿן אַ דאַנקבאַרן בליק, איר פּנים האָט געפֿלאַמט, בעת זי האָט ווידער גענומען זיין האַנט און זי באַרירט מיט די ליפּן. די בחורים און די מיידלער האָבן אַרומ־גערינגלט פֿאָטער און טאָכטער. פֿונדעסטוועגן האָט זיך באַוויזן פֿיאַ, האַלטנדיק רעלין אונטערן אָרעם.

זי האָט אויסגעזען פֿריילעך און ווי אַן אַבצניאָריקע, אַזוי האָט רעלי אַן אַנטציקטע געזאָגט.

אַלע יונגעלייט, וואָס האָבן שטיל און איינגעהאַלטן אַרומ־גערינגלט לודינען, האָבן געמיינט, אַז לודין וועט צו זיי רעדן,

אָבער ער האָט אָפּגעבראָכן אַ צווייגל בעז און געזאָגט צו מאַרי־
לענען:

— עס זעט אויס, ווי דער פרילינג פון טויט, אָבער מיר
חעלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דעמדאָזיקן וואָרט, ווייל —
האָט ער מיטן בליק אַרומגענומען די פנימער פון די אויפמערק־
זאַמע יונגעלייט — דו האָסט מיך, מאַרלענע, אַריינגעפירט אין
אַזאַ שטראַלנדיקן פרילינג פונם לעבן.

# סוף